ל. מלאך

# אין פּוילען.

פּאָעמע

פערלאג
א. גיטלין.



וואַרשע
תר"פ
1919

# W Polsce
poemat
napisał: L. Małoch.

געזעצט ביי ש. פראַפּיס און י. זעצער.
געדרוקט בר. לעווין - עפּשטיין
חילע - צייכנונג ש. פייגענבוים.
צינקאָ-קלישע ח. גאָלדבערג
אין ווארשאַ.

...און כאָטש כ'האָב קיינמאָל, קיינמאָל נישט מיין שטאַם פֿערגעסן
און נור צו מזרח איז מיין בליק געווען געווענדט—
האָב איך געגלייבט דאָך ס'פֿאָלק, וואָס כ'לעב מיט אים צוזאַמען,
וואָס האָט, ווי איך געטראָגען קייטען אויף די הענד.

אָ, פּוילען, מיטגעלעבט האָב איך דיין צייט פֿון עבדות
און מיטגעפֿיהלט דעם פּיין פֿון דיינע גרויסע זיהן,
ביי יעדען וואָלקענדל, וואָס האָט אויף דיר געשוואַרצט זיך
האָט שוין מיין האַרץ אַ תּפֿילה שטיל פֿאַר דיר געטון.

איך האָב אַפֿילו מוחל דיר געווען די עולה'ס,
וואָס האָסט מיר אָפֿט געטון — ביי יעדען מאָל אַ שטאָך,
כ'האָב טויזענד זכות'ן אויסגעזוכט דיר צו פֿערגעבען
און אַלץ געשטרעבט: בעפֿרייאונג דיר פֿון פֿרעמדען יאָך.

איך האָב געליבט דיך, פּוילען, וואו עס איז געשטאַנען
מיין וויגעל און פֿון דיינע פֿעלדער זיך געשפּייזט,
און כ'בין געוועזען גליקליך, ווען אַ יונגער מאָרגען
האָט מיר געבראַכט די בשורה: דו ווערסט אויסגעלייזט.

נאָר אין דיין יום=טוב=טאָג, אין טאָג פֿון דיין באַפֿרייאונג,
ווי נאָר האָסט פֿריי שוין אָבגעאָטעמט מיט דיין ברוסט,
האָט זיך דיין ריטעריש געפֿיהל דערוואַכט אין דיר
און ס'האָט אַ זיג, אַ קליינער כאָטש זיך דיר פֿערגלוסט.

צי האָט זיך אַנדערש פֿאָרגעשטעלט די העלדען דיינע
אין יענעם שדים=ראָד, וואָס דרעהט זיך נאָך און ס'ברענט
דער לעצטער שלאַכט אין פֿעלד, ס'זאָל פּוילען שטעהן פֿון ווייטען
און בעטען אַ געשאַנק מיט אויסגעשטרעקטע הענד?

און מיט דיין גאַנצער קראַפֿט, וואָס איז געווען פֿון יאָרען
דערשטיקט אין דיר געשאַרפֿט אין קאַמף זיך האָסטו... מיט'ן ייד
און איצטער, פּוילען, זעה די האָסט געזיגט... איך ווייס נישט:
בעדוי'רען זאָל איך דיך? צי שעלטען אין מיין ליד?

ד

צווישען אַלטע חורבות=שלעסער
קעניגליכע, טיף פערהוילען,
צווישען טאָלען, בערג און וועלדלעך
ליגט אַ דערפעלע אין פוילען.
אויבען הויכע טהורם=שפּיצען
גלאַנצען פאַר דער זון אַקעגען,
אונטען קושאַקעס, פעלדער, זומפּען,
פוילישע פערקרומטע וועגען,
רויטע דעכער פון פּאַלאַצען...
און עס ציהט זיך ווייט אַ גאָרטען,
וואו עס וואוינען די זאַבלאָצקי'ס
נאָך פון אַלטע צייטען דאָרטען.

די זאַבלאָצקי׳ס זענען פּריצים,
אַדעל־לײַט פון אַלטע צײַטען,
זײערע פּאַלאַצען זעהט מען
אויפ׳ן באַרג נאָך פונדערװײַטען.
און צוקאָפּענס פונ׳ם דערפעל,
הויכע בערג, שיער ביז צום הימעל...
און צופיסענס פליסט די װײַסעל
רוהיג, לאַנגזאַם, װי אין דרימעל.
עס געפינט זיך אינ׳ם דערפעל,
אין דעם דערפעל אינ׳ם קלײנעם
אפשר צװאָנציג אַלטע כאַטקעס,
אַלטע הײַזלעך, װי די זקנים,
װאָס געדענקען שוין געװיס ניַשט,
װעלכער דור ס׳האָט זײ געשטעלט.

יעדער פויער האָט בהמות,
און װער נאָך אַ שטיקעל פעלד,
װער עס אַרבײַט בײַ דעם פּריץ,
אַלס פּאַראָבעק אין די הויפען,

ווער עס כאַפּט פיש אין דער ווײַטעל,
טראָגט אין שטעדטעל צו פערקויפען, —
יעדער אַרבײַט און דערנערט זיך,
יעדער, וואָס ער קאָן, דאָס טוט ער...
און דער אַלטער כראַביע העלפט זיי —
כראַביע מיכאַל איז אַ גוטער...

אָבגערוקט פון דאָרף בעזונדער
שטעהט אַ הײַזעל אײַנגעבויגען,
האַלב צופוילט און האַלב צובראָכען
און מיט גרינעם מאָך בעצויגען.
נישט קײן ביימעל פאר דעם טירעל,
פאר דעם פענסטערל קײן גאָרטען,
נישט געקלעפּט און נישט געקאַלעכט.
און ווער וואוינט אין שטיבעל דאָרטען?
דאָ, אין הײַזעל וואוינט רב מענדל,
וועלכער האַלט אין דאָרף אַ קרעמעל;
גראָשענווײַז ציהט ער חיונה
פון אַ בײגעל, פון אַ זעמעל,

שוהוואַקס, טשוועקעס, קוואַס און צאַצקעס
און פֿון סחורות נאָך אַזוינע,
וואָס דאָס גאַנצע דאָרף דאַרף האָבען,—
אויך דער פּריץ איז זיין קונה.

נאָך די אבות זיינע זענען
דאָ געבוירען שוין געוואָרען,
אויסגעלעבט זיך זיס און רוהיג
האָבען זיי זיך דאָ די יאָרען.
מן־השמים אויך ריין געוועזען—
ביי דעם פּריץ, ביי דעם אַלטען,
ביי דעם גוטען כראַביע מיכאַל
האָבען זיי די פּאַכט געהאַלטען.
נאָר נישטאָ שוין יענע ציַיטען,
יענע ליבע, גוטע יאָרען,
ווען דער אַלטער גראַף זאַבלאָצקי
איז קיין טריט אַרויסגעפאָרען
ר׳זאָל זיין פאָטער נישט מיטנעמען,
ר׳זאָל זיך נישט מיט אים בעראטען,

צי פון פערד און צי פון מסחר
עצה'עט ער זיך מיט זיין טאַטען.
און דער פּריץ פלעגט אַלץ פּאָלגען,
וואָס זיין טאַטע האָט געהייסען,
כאָטש אַמאָל פערגליסט דעם פּריץ
אים אַביסעל אויסצושמייסען,
גלאַט=אַזוי, פון תענוג וועגען,
גלאַט=אַזוי=זיך, אויף געלעכטער...
ניין, מען קאָן אויף אים נישט זאָגען,
אַז ער איז געווען אַ שלעכטער...

ניין, נישטאָ שוין יענע צייטען,
יענע ליבע, גוטע יאָרען,
זינט זיין פאָטער איז געשטאָרבען,
זינט דער פּריץ איז געוואָרען
אַלט און גרוי, אַנ'עובר=בטל
און זיך אויפגעהערט צו מישען
און די פיהרונג אָבגעגעבען
צו אַ בעל=הבית אַ פרישען,

זינט ער האָט אַלץ אָבגעגעבען
צו דעם זוהן דעם עלטסטען זיינעם,
וועלכער האָט גענומען גראָבען,
זוכען מיטלען אַלץ איינאיינעם,
ווי פון ייד צו ווערען פטור,
ביז ר'האָט אים פון הויף פערטריבען, —
האָט ער זיך געקויפט דאָס הייזעל
און שוין דאָ ביז היינט געבליבען...

ווי עס ליגט אין כריין אַ וואָרעם,
מיינט, אַז ס'איז נישטאָ קיין בעסערס,
אויך אַזוי געמיינט האָט מענדל,
אַז עס איז נישטאָ קיין גרעסערס
אין דער וועלט, ווי ס'קליינע דערפעל
מיט דעם ברייטען גרויסען הימעל,
וואו עס קאָן אים יעדעס ביימעל,
יעדעס גרעזעל, יעדעס בלימעל,
וואו ער לעבט זיך שטיל, ברחבה
און צופרידען מיט די שכנים,

ואו די קינדער זײַנע שפּילען,
מיט די פּויערישע אײנאײנעם.
ער האָט ליב דעם גוטען פּויער
און דעם פּריצ'ס זוהן דעם בייזען, —
מענדל האַלט אין דאָרף אַ קרעמעל
אַלע גיבען אים צולייזען.

כאָטש ער וואוינט אין דאָרף, דאָך היט ער
אַלץ, וואָס גאָט האָט נאָר געבאָטען
און די קינדער זײַנע זענען
אַלע וואוילע און געראָטען,
חוץ די קליינע קלוגע רחל,
חוץ דעם הויכען שטאַרקען בערל,
חוץ דאָס קליינע קינד אין וויגעל,
האָט ער אויך אַ מאָכטער פּערל.
מענדל טראַכט: קיין עין-הרע,
אויף איר איז ער נישט קיין מבין,
ווערט פון טאָג צו טאָג אַלץ שענער.
בליהט זי, וואַקסט זי, ווי אויף הייוועז,

צעפּ צוויי לאַנגע, ווי די שלאַנגען,
אויגען פייער־שוואַרץ, ווי קויהלען
און דער פּריץ זאָגט אפילו:
„אויסצוזוכען אין גאַנץ פּוילען
איז נישטאָ נאָך אַזאַ שענהייט".
און ווי זי געפעלט דאָס יעדען!
היינט איר חכמה און איר זינגען
און איר מויל צום פּויליש־רעדען.
נישט קיין וואונדער, וואָס דעם פּריצ'ס
יונגער זוהנדעל, סטאַש דער בראַווער,
פלעגט מיט איר אַרומשפּאַצירען
און געווען איר בעסטער חבר,
כאָטש מען האָט אין דאָרף געמורמעלט,
זיך געצ'צלמ'ט אויפ'ן שטערן,
כאָטש עס האָבען די קאָלעגען
אים געגעבען אָנצוהערען:
„עפּעס אַ זשידובקא!... ס'פּאַסט נישט"...
ס'האָט זיין טאַטע נישט געליטען
ס'פיהרונג זיינס, נאָר נישט געהאָלפען,

ניט מיט בייזן, ניט מיט גוטן —
צופיל איז ער מיט איר חבר,
און — אל תפתח פה לשטן —
אפשר ליבן זיי זיך ביידע, —
זיס די פרוכט, וואס איז פערבאטן...



## II.

צײַטען געהען, צײַטען קומען,
ס׳קריבען טעג — נאָר ס׳לויפען יאָרען,
פון דעם קלײנעם שטילען דערפעל
איז אַ דאָרף אַ גרויס געוואָרען.
צו די קלײנע אַלטע כאַטקעס
זענען נײַע צוגעקומען,
נײַע הײַזעלעך מיט גערטלעך
פאַר די פענסטערלעך... און בלומען.
אויף די פוי׳רען זענען קליגער,
גאַנצע פריצים, „לײַט געוואָרען":
מ׳שיקט די קינדער אין די שקאָלעס,

זומער קומען זיי צו־פֿאָרען.
מ׳מאַכט אין דאָרף זיך דאַמאָלס פֿרעהליך, —
גאַנצע נעכט קלינגט־אָב דאָס זינגען
מיט דעם שפּילען אויף האַרמאָניעס
די געלעכטערס הילכען, קלינגען,
ווער ביי׳ם פֿעטער אין אַ סעדעל,
ווער עס שטעלט־זיך־אויף אַ ביידעל
בלויז פֿון גרינע צווייגען־בלעטער;
ווער אין וואַלד טיף מיט אַ מיידעל,
ווער עס רייט און ווער עס יאָגט זיך
איבער בערגער, איבער טאָלען,
ווער עס באָדט זיך אין דער ווייסעל,
ווער עס נעמט פּיזזאשען מאָלען,
ווער עס העלפֿט אין פֿעלד דעם טאַטען,
וועלכע — אויך אין שטאַל דער מאַמען,
צי גאָר פֿאַר דעם סאָד דעם כראַביע׳ס
ווען עס נעמען זיך צוזאַמען
אַלע פּאַראָבקעס דעם פּריץ׳ס
מאַכען לוסטיג זיך און שטיפּען,

ביז מען הערט אין הויף דאָס טראָמביצן,
ביז מען הערט דעם וועכטערס רופן...

— — — — — — — — — — —

אַט אַזוי פערברענגט מען פרעהליך
אין דעם דאָרף די נעכט פון זומער
אויף די גרינע ווייכע לאָנקעס,
אונטערן בלויען שטערן־שימער.



## III.

מיט לוסטיגע געשרייען,
מיט פרעהליכע געזאנגען
פון כלאפּצעס און פון מיידלעך
איז ווייט די זון פערגאנגען.
עס שפּיגעלט זיך די ווייסעל
אין פורפור=רויטע פארבען;
דער טאָג ער ווערט אלץ טונקלער,
אַ שאָד — דאָך מוז ער שטארבען.
און האַנד מיט האַנד געפלאָכטען
פון פּוי'רען=זיהן און טעכטער
בעגעגענען זיי דעם אָוועגד
מיט הייליג=הויך געלעכטער.

די קינדער רײַסען בלומען
און פלעכטען פון זײ־קראַנצען
און צירען־אויס די צלמים,
בעהענגען זײ אינגאַנצען.

---

... און װײַט בײַ מענדעל'ס קלײנעם הײַזעל,
װאו ס'ליגט אַ גרױסער שטײן אַ שטומער,
זיצט איצט די שענע יונגע פערל...
געקומען איז זי אויך אויף זומער
אין דאָרף אַ הײם זיך אָבצורוהען
פון אירער אַרבײַט, פון די שװערע,
געמײנט, אַז ס'װאַרט אויף איר דאָ כבוד,
ס'װעט יעדער איר אָבגעבען עהרע,
אַזוי װי ד'איז געװאוינט געװעזען,
איר טאַטע זאָל מיט איר שטאָלצירען
און מיט'ן יונגען בראַװ'ן סטאַש'ן
זיך גאַנצע טעג אַרומצופיהרען.
אָך, זי געדענקט נאָך יענעם מאָרגען,
װען מ'האָט זיך הײס מיט איר געזעגענט...

און ווען זי איז צוריקגעקומען,
ווי האָט מען איר אין דאָרף בעגעגענט?

---

אַ העלער טאָג, אַ בלויער הימעל,
דאָס דאָרף אין גרינס איז איינגעטונקען,
עס באָדט די זון זיך אין דער ווייסעל
און גלאַנצט פֿון דאָרט מיט גאָלד... געוואונקען
פֿון ווייטענס האָט דער קלויסטער־טורם.
דעם פּריצ'ס שלאָס, דאָס קליינע טייכעל,
וואָס ליגט אין סאַמע עק פֿון גאָרטען
האָט איר געשיקט פֿון ווייט אַ שמייכעל.
די פֿייגעל אין די שוואַרצע נעסטען,
די שלאַנקע טאָפּאָליען, די גלייכע,
די סטאַדעס קיה, וואָס האָבען דאַן זיך
געפּאַשעט אויף די לאָנקעס ווייכע...
און גאַנצע מחנות גענז און קאַטשקעס
אַקעגען זענען איר געלאָפֿען,
מיט בול־בול־בול בעגריסט איר קומען —
קיין חבר, אָבער, גישט געטראָפֿען...

אַ טאָג פֿערגעהט, עס קומט אַ צווייטער,
אַ גאַנצער חודש איז אַריבער
און ס'וועט רב מענדל'ס שענע פּערל
אַלץ אומעטיגער, טריבער, טריבער.
איר שענער הימל איז פֿערוואָלקענט,
עס יאָגען כמאַרעס, ווינטען בלאָזען,
ברוגז זענען מיט איר אַלע
און אַלע האָבען איר פֿערלאָזען.
פֿון פֿריהען מאָרגען ביז'ן אָוועַנד
זי האָט בעגעגענט בליקען=שפּיזען...
און סטאַש אַפּילו, סטאַש איר ליבער
האָט זעלטען זיך צו איר געוויזען.

און איצטער אויפ'ן שטיין דעם שטומען
געזעסען איז זי און פֿונווייטען
געזעהן, ווי ס'שפּילען זיך די קינדער,
און ערגעץ ווייט, אין עק אין צווייטען
געטראָגען האָבען זיך געלעכטערס,
אַ פֿרעהליך כאָר פֿון יענע מענער,

אַ „הוי=דאַ=דאַ=נאַ“, אַ „הוי=דאַ=דאַ=נאַ“!
פון פוילישע מאַזורקע-טענער...

עס לאָזט די זון זיך טיף אַרונטער
און ס'לעשען זיך די לעצטע שטראַלען.
און פערל זיצט — אַ טרער אַ שטילע
גראָב איז פון איר אויג געפאַלען...



## IV

...ס'איז נאַכט.

אין שלאָף איז אַלץ פֿערזונקען.
דאָס דאָרף —
פֿערהילט אין דרימעל.
פֿון הימעל
צווישען שטערען פֿיל, וואָס ווינקען
טוט איינער זיך אַ וואָרף
און פֿאַלט...
דער וואַלד
שטעהט שטיל פֿערטראַכט...

ס'איז נאַכט.

— — — — — — — — — — — — — —

עָס בּלוּיט.
די נאַכט ווערט בּלאַסער,
די שוואַרצקייט ווערט פֿערשוואונדען...
און ערגעץ-ווייט
אַ ראָזע=רויט
פֿריהמאָרגען-שיין האָט זיך בּעוויזען
און אָבּגעשפּיגעלט זיך אין וואַסער...
אויף מזרח=זייט

זיך האָבּען שטראַלען אָנגעצונדען,
ווי גאָלד'נע שפּיזען,
די זון איז אויפֿגעגאַנגען,
דער טוי, ווי נעפּעל ווייסער
געלעגען איז נאָך אויף דער ערד
און אויף די זאַנגען.

— — — — — — — —

ס'איז פֿריה.

עָס האָט זיך וואו געשערט
אַ פּײַפּעל פֿון אַ באַסטון=יונג.

וואָס טרײַבט אַרויס אין פֿעלד די קיה.
עס הערט אַ סקריפּ זיך פֿון אַ טיר.
אַנ'אַלטע פֿור'רטע געהט אין שטאַל.
אַ פֿויגעל טהוט אַ שפּרונג
און טרעלט-אַרויס אַ פּיף-פּיף-פּיף!
עס שפּילט אַ שויב זיך מיט אַ שטראַל,
עס גלאַנצט די זון אַקעגען איר,
צווײ פֿור'רען זיך בעגעגענען;
— „דזיען-דאָברי”. — אײנער טוט אַ זאָג.
„דזיען-דאָברי”.—ענטפֿערט אָב דער צווײטער
און קוקט-אַרײַן אין הימעל טיף.
— „הײַנט אויך נישט רעגענען”!
ווזא ביידע געהען ווײַטער.

ס'איז טאָג.

ס'שײַנט דער טאָג אַרײַן אין מענדעל'ס
קלײנעם שטיבעל, אינ'ם ענגען,
שטראַלען פֿאַלען דורכ'ן פֿענסטער
אויפ'ן בעליק, וואו עס הענגען

סחורות אַלערליי, מלשירים,
פּעלעכלעך פון טויטע האָזען
און אַנ'אַלטער געלער טלית;
„פּעכעזשעס” פול אָנגעבלאָזען,
קרעלען גלעזערנע און סטענגעס
און אַנ'אַלט פערראָסטעט זעגעל.

ס'שיינט דער טאָג און מענדל שטעהט=אויף
און ער גיסט זיך אָב די נעגעל,
און ער רייבט זיך אויס די אויגען.
ער הויבט אַלע אָן צו וועקען.
אַ געגעניצ'ריי, אַ ברומען...
ס'נעמען זיך אַפערצושטרעקען
הענד און פיס פון די צודעקענס
און אַ סדרה געהט פון זוכען:
האַלקעס, פּאַרטוכער און זאָקען.
איינער נעמט דעם צווייטען פלוכען. —
בערל האַלט דאָס קינד דאָס קליינע,
פערל נעמט די שטוב אויפרוימען.

ריחל׳ע פֿאַרבעט די בעטען,
די מאַמע פּאָרעט זיך בײַ׳ם קוימען.

צוגערוימט דאָס קלײנע שטיבעל,
אָבגעגעסען דעם אָנבײַסען,
נעמט רב מענדל זיך אײַנפּאַקען
אין דעם וועג אַרײַן. געהײסען

האָט ער דאַן דאָס ווײַב זײַנס
אַז זי זאָל אַרום זיך קוקען.
און דער עיקר, אַז די קינדער
לאָז זי צו קײן שכן שיקען.

און דאָס ווײַב זײַנס האָט פֿערשטאַנען
און די שרעק פֿון אים פֿערבאָרגען.
— גיי געזונט, נאַר דו! און אַ שטילע
טרער האָט זי אין זיך דערוואָרגען...
— „טאַטע, ווען דו זאָלסט מיך פֿאָלגען" —
האָט דאַן בערל אָנגעפֿאַנגען
שטיל צו רעדען — „זאָלסט מיך פֿאָלגען,
וואָלסטו נישט אַוועקגעגאַנגען...

עפּעס שרעקט דאָס האַרץ... חלילה...
ציִיטען הײַנטיקע — אַ מורא...
האָסט פערגעסען יענע מעשה
שבת מיט'ן בעל הקורא?..."

— „גערה שוין, רעד שוין נישט קיין שטותים —
האָט זיך מענדל אָבגערופען —
ס'טײַטש, אַג'איִנגענער מיך טשעפּען?"
דאָך אין האַרץ ווײַנס אינ'ם טיפען
פיהלט ער עפּעס, נאָר עס שאַדט נישט —
גאָט אין הימעל איז זײַן שומר!
„זײַט'ס געזונד!" ער ווערט פערשוואונדען
אינ'ם עק דאָרף, אין די בוימער...

— — — — — — — — — — — —



V.

מיט אַ העלען ליכט בעגאָסען
זשיראַנדעלען בליצען,
שפּיגעל=גלאַנץ און פּלוש=דיוואַנען
ציירט דעם זאַל, וואו ס'זיצען
אַדעל-לייט פון גרויסען יחוס,
פירשטען און באַראָנען,
פריצים, גראַפען, פיינע הערען,
דאַמען פון סאַלאָנען.
פון די פינגער בליצט בריליאַנטען,
און די אויגען — פלאַמען,
ס'האָט דאָס פּאָטערלאַנד גערופען
אַלע דאָ צוזאַמען.

ס'פֿאָטערלאַנד איז אין סכנה,
און מען מוז עס רעטען!

האָט דער פֿיינד אַריבער דעם די?
גרענעצן שוין געטרעטען?
ברענט דער שטרייט דאָרט אויף די פֿעלדער
און טראָמפּייטען שאַלען?
גיסט זיך בלוט, עס קלינגען שפּיזען,
פּוילענ'ס מויערן פֿאַלען?
קראַכען שוין די ווענד פֿון פֿעסטונג
שפּייכלערס תבואה ברענען?
מענשען שטאַרבען-אויס פֿון הונגער!
ניין, נישט דאָס? עס זענען
זיי זיך דאָ צונויפֿגעקומען,
אָט די פֿיינע הערען,
ס'גרויסע פֿאָטערלאַנד צו רעטען
פֿון אַ צער אַ שווערען?
אויסגעטרונקען דעם שאַמפּאַניער,
ליידיג שוין די בעכער,

הויבט זיך כראַביע יאַן זאַבלאָצקי?
אויף פון אָרט און העכער,
העכער רעדט ער און זיין פנים
ווערט אַלץ מער צופרידען
און עס שיט זיך פעך און שוועבעל
פון זיין מויל אויף יידען...

— — — — — — — — — —

ר׳האָט געענדיגט, אַפּלאָד׳סמענטען
קלאַפּט זיך, שיט זיך הייסע,
פון בעגייסטערטע אין פראַקען,
הענד׳ אין הענטשקעס ווייסע.
ס׳רעדט אַ צווייטער און אַ דריטער.
און די דאַמען הערען,
בייסען די געפאַרבטע ליפּען,
ווישען פאַלשע טרערען.
און בעשטימט עס האָבען אַלע
אָט דעם וואונש, דעם הייסען:
פּוילען, פּוילען, מוז מען רעטען
און אַרויס צורייסען

דאַרף מען בײַ דעם ייִד דעם מסחר ?
הוררא! אויגען גלאַנצען,
ווידער שפּילט מען אויפֿ'ן קלאַוויר,
אַלע געהען טאַנצען.
ווידער גיסט זיך דער שאַמפּאַניער,
און די בעכערס שוימען — — —
פֿרעה זיך פּוילען, ס'ווערט פֿער'אמת'ט
דיינע שענסטע טרוימען!...
און ווען פּוילען'ס פּאַטריאָטען
האָבען פֿרעליך דאָ פֿערבראַכט,
אין א סטאָדעלע פֿערזאַמעלט
האָבען זיך די זעלבע נאַכט
פּוילען'ס זיהן און פּוילען'ס טעכטע
יונגע קינדער, אויסגעהערט
האָבען זיי די רייד פֿון סטאַש'ן:
„...אין געפֿאַר איז אונזער ערד,
אונזער לאַנד, אָ, אונזער פּוילען"!
מער צוהיצט און מער צוברענט
קלינגט זיין שטים, עס פֿלאַמען אויגען,

ס'פרעסט זיך פויסטען, ס'בײלט זיך הענד,
און ער רעדט און רעדט אינאײנעם,
שװעבעל, פעך איז יעדעס װאָרט,
שטאַרקער, הײסער, פלאַמענדיגער,
װי דער טאַטע זײנער דאָרט:
„נישט מיט נעהמען בלויז דעם מסחר
װעט מען ידען קאָנען טון,
שלאָגען דאַרף מען”!
פריעה זיך, פוילען
און זײ שטאָלץ מיט דײנע זיהן!...

* * *

טונקעל איז אין קאַבינעטל
אין דעם קלײנעם גריגעם צימער,
װאו עס זיצט דער אַלטער מיכאַל
בײ דעם שײן פון לעמפעל-שימער;
ס'פאַלען אויף די פענסטער-װענטלעך
שװאַרצע שאָטענס פון די בוימער
און דער אַלטער גוטער כראַביע
װי פערזונקען איז אין טרוים ער...

זילבערנע לבנה-פּערעס
שפּילען, ווילען זיך פֿערקניפּען
מיט די האָר די ווייסע זיינע,
און אויף זיינע דאַרע ליפּען
ליגט אַ שמייכעל אויסגעגאָסען;
און דער בליק אַלץ מילדער, מילדער
הינטער זיינע גרויסע ברעמען
קוקט מיט ליבע אויף די בילדער,
וועלכע זענען אויסגעהאָנגען
אויף די ווענד. אין שאָטען טונקעל...
און די מאַרמאָרנע סטאַטוע
פֿון מיצקעוויטשן אין ווינקעל.

— „פּוילען, ביזט נאָך נישט פֿערלוירען!
ווען דו האָסט פֿערמאָגט אַזוינע
גוטע זיהן און גרויסע גייסטער—
קאָן אַבשרעקען דיך אַ שונא״?
ווי דער בלויער מאָרגענשטערן
אויף דיין הימעל, אויף דיין שוואַרצען

לײַכטען זײ — אַזוי געטראַכט זיך
האָט דער אַלטער טיף אין האַרצען.
ס'וועט דאָס פֿינסטערניש פֿערשווינדען,
ס'וועט דער בלויער מאָרגענשטערן
אין אַ גאָלד־שטראַל זיך פֿערוואַנדלען
אין אַ זון אַ גרויסע ווערען.
און ווי לאַנג עס וועט נאָך, פֿוילען,
אויף דײַן האַנד די קײטען קלינגען, —
און ווי לאַנג געשטיקט פֿון טרערען
וועסט דײַן שקלאַפֿען־ליד אַליין זינגען.
ס'וועט דײַן גרויסע זון דיר שײַנען
און דײַן קאָפּ מיט גלאַנץ בעקרוינען.
בענשען וועט מען יענע, וועלכע
אין די גרענצען דײַנע וואוינען.
וועסט די וועלט מיט גײַסט בעשענקען
מיט מאָראַל רײַן, ווי די טויבען...
אויף דײַן ערד וועט זײַן אַ ברכה,
יעדעס פֿרעמד־פֿאָלק וועט דיך לויבען;
דײַנע זוהן מיט יעדען וועלען

לעבען בריִדערליך צוזאַמען, —
שלום, גליקליך און צופֿריִדען,
ווי די קינדער ביי דער מאַמען...
און דער אַלטער לראַביע שרייט־אויס:
— „פּוילען, ביזט נאָך נישט פֿערלוירען!
דיינע גרויסע גייסטער לעבען,
נייע ווערען נאָך געבוירען!"

* * *

זיי זענען דריי דורות, דריי דורות וואָס קלערען,
וואָס וועבען דעם גליקליכסטען פּלאַן און דעם וואוילען:
דער טאַטע, דער זוהן און דאָס איינקל ווילען
געפינען דאָס גליק פֿאַר דעם עלענדען פּוילען...



## VI.

זומער.

אויבען גליהט א הייסע
ברענענדיגע זון. געהאָרען
איז שוין צייטיג אויף די פעלדער
און מען הויבט-אָן שניידען ס'קאָרן.
אויסגעלעדיגט פון די פויערען
איז דאָס גרויסע דאָרף איינגאַנצען:
אַלע זענען אין די פעלדער,
וואו די קאָסעס בלאַנקען, גלאַנצען,
מיט די גליהענדיגע שטראַלען,
לינקס און רעכטס עס שניידט זיך פרעהליך
און די זאַנגען פאַלען, פאַלען.
וואו די יונגע מאַמעס מאַכען
לייבווענדיגע הענגעל-וויגען
פאַר די זויגענדיגע קינדער,
פאַר די פיצעלעך, וואָס ליגען
ברייט די אויגעלעך געעפענט,

קוקען אין דער לופט און שווייגען,.
ווען-ניש‌ט טוט אַ בלאָז אַ ווינטעל
און עס שאָקעלט לייכט די צווייגען.
הייס. מען ווישט דעם שווייס פון שטערענס;
הייס, דאָך געהט די אַרבייט מונטער.
ביז אין מערב=זייט פון הימעל
לאָזט די זון זיך טיעף אַרונטער
און צוברענט דעם ראַנד פון הימעל
און די מערב=זייט אין פלאַמען—
נעמט מען דאַן צונויף די קאָסעס
און מען געהט אַ היים צוזאַמען.
פון דעם אַרבייטס=טאָג דעם שווערען
ווען ס'קלעבט זיך צו די אויגען,
ווער אין סטאָדאָלע אַ מידער
אויפ'ן היי ליגט אויסגעצויגען,
ווער — אין גראָז אין גרינעם אונטער
שוואַרץ געדיכטען צווייגען-שאָטען.
גליקליך שלאָפט דאָס דאָרף און שעפּשטעט:
אין די פעלדער איז געראָטען...

## VII.

די נאַכט איז שטיל. די נאַכט איז שטום.
די שטערן שטיפֿן נור אַרום
און ווינקען זיך
און טי. קען זיך
אין וויגענדיגען ווײַסעל=טײַך...
און די לבנה זילבערט בלייך.

ס'שווימט אַ לאָדקע אויף דער ווײַסעל,
ס'טראָגט פֿון ברעג זיך טיפֿער, טיפֿער,
עס צושנײַדען זיך די כוואַליעס

פֿון די שטאַרקע וויאָסלע־רידערס
אין דער האַנד פֿון יונגען שיפֿער.
און עס שווימט און ס׳שווימט דאָס שיפֿל
אויפ׳ן טײַך צום ברעג דעם צווייטען,
צו דעם וועלדעל צו דעם יונגען
אויף דעם בערגעל בײַ די צלמים,
וואו עס שוואַרצט זיך פֿון דער ווײַטען.

ס׳שיפֿעל איז צום ברעג געאַנקערט
און עס שטײַגען־אויס, עס שטײַגען,
ווי צוויי שאָטענס יונגע מענשען
אײַנגעהילט אין סודות־מאַנטלען,
אײַנגעהילט אין שטומען שווײַגען...

— — — — — — — — —

די נאַכט איז שטיל, די נאַכט איז שטום,
עס שלאָפֿט דער וואַלד און אַלץ אַרום.
עס האָט דערוואַכט זיך פֿון זײַן טרוים
אַ פֿויגעל אויף אַ בוים

און שפּילט און טרעלט און טרעלט און שפּילט
און אָנגעשפּילט
דער וואַלד ווערט מיט זײַן ניגון,
און באַלד
הויבט-אָן אַ צווייטער שפּילען
אַ דריטער — זינגען,
דער וואַלד
ווערט זיס פערקלונגען.

— — — — — — — — — —

דאָס שיפעל איז צום ברעג געאַנקערט
און סטאַש מיט פערל'ען אויף דעם בערגעל
ביי'ם צלם זיצען שטיל און פיהלען
דעם ווייכען פלאַטער פון דער נאַכט.

„...וואָס ביזטו, קינד, פערטראַכט" ?
געפליסטערט סטאַש האָט שטיל צו איר—
„די נאַכט איז מילד, די נאַכט איז ליב.
וואָס ביזטו, פערלאַ, אַזוי טריב" ? . . .
„— אַך, סטאַשו, ביזטו דאָס ?

בײַטאָג האָב איך אויף דער פּערדראָס:
די בײזט צו מיר
אַזוי ווי צו מײַן טאַטען שלעכט"!
— „יאָ אמת, פּאָלא, בײזט געזרעכט,
פֿערגיב, פֿערגיב...
איך האָב דיך ליב... איך האָב דיך ליב!
דו, פּערלא מײַן,
דריק פֿעסטער מיך צום האַרצען דײַן!
אַזוי... נאָך בעסער... שטײַף...

די פֿריכטען זענען רײַף...

— — — — — — — —

— אָ סטאַשו, סטאַש, וואָס ווילסטו טון?!

געדענק, מיר וועלען דאָס בעדוי'רען!

— — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — —

אין מזרח רויטעלט זיך די זון
עס ווערט אַ יונגער טאָג געבוירען...

## VIII.

זאָל די זון נאָך בעסער גליהען,
ווי זי האָט ביז היינט געבראָטען,
אָבגעשניטען איז שוין ס׳קאָרן
און דער ווייץ איז אויך געראָטען.
זאָל די זון נאָך בעסער ברענען,
הייסע טעג בעדאַרף מען נייטיג:
אויף די פעלדער שניידט מען ווייץ שוין,
אין די סעדער איז אויך צייטיג.
און די זון שיט, שיט מיט שטראַלען,
אַלע פרעהען זיך און לויבען,
דאָך פאַרוואָס געניסט נישט מענדל
פון איר גאָלדען-ליכט פון אויבען

פאַרוואָס איז זײַן לעבען חושך
און פֿערביטערט זײַנע יאָרען?
פאַרוואָס איז זײַן פּנים פינסטער
און דער לעצטער צײַט געוואָרען?
פאַרוואָס האָט ער פֿון די כלאָפּצעס
קלעפּ פֿון שטעקענעס געקריגען?
פאַרוואָס האָט אַ צײַט געמוזט ער
אין׳ם בעט אַ קראַנקער ליגען?
נאָר די זון שײַנט, שײַנט מיט שטראַלען
און זי וויל נישט, וויל נישט וויסען,
וואָס עס טוט זיך אונטען, — יעדען
הײַסט זי גלײַך פֿון איר געניסען.

אויסגעהײַלט אויך און פֿערשוואונדען
איז אַ ביסעל שוין דער פּחד,
צוגעוואוינט זיך צו די צרות
האָט דאָס ווײַב זיך מענדעל׳ס — יאַכעט,
גאַנצע טעג זיצט זי בײַם פענסטער:
טאָמיר וועט זיך פאָרט ווער ווײַזען

און ווען געבען איר אַ פרוטה
כאָטש אַנ'אייניציגע צו לייזען?!
נאָר בחנם, קיינער קומט נישט...
אוי, זיך נאָר אין וויסעל וואַרפען!
אַלצדינג ברענגען זיי פון שטאָט זיך,
קויפען דאָרט, וואָס זיי בעדאַרפען.

און וואָס מאַכט די שענע פערל?
איך פערגעסען איהרע וואונדען?
אַך ווען איינע ווערט פערלאָשען,
ווערט אַ צווייטע אָנגעצונדען.
אָבגענאַרט אין שענסטען האָפנונג
איז דאָס יידישע דאָרפ'ס=מיידעל,
לאַנג צו איר איז סטאַש געוועזען
העפליך, ליבליך, גוט און איידעל.
צוגעוואוינט, אַריינגעדרונגען
איז די ליבע איר פון סטאַש'ן,
און ער האָט איר האַרץ געצוואונגען;
נישט געקאָנט די גרויסע מויער

וואָס געשטאַנען צווישן ביידן,
נישט געקענט די האַנד די שטאַרקע,
וואָס ווערט זיי פֿונאַנדערשיידן,
נישט געווען גענוג פֿאָרזיכטיג—
פֿול איז ער געווען מיט לעבען,
טראָגט זי איצט אַ סוד אַ גרויסען...
וועמען זאָל זי איבערגעבען?
וועמען זאָל זי דאָס דערצעהלען?
סטאַש, ער ווייס עס נישט אפֿילו.
שווער, אוי שווער איז אויפֿ'ן האַרצען
און זי שלינגט די טרערען שטילע...

- - - - - - - - - - -



## IX

אין די שטילע בין־השמשות,
אין די טינקעלע פֿאַרנאַכטען,
ווען עס נאָגט אַ שטומער אומעט,
פֿלעגט זיך פּערל זיס פֿערטראַכטען...
זי געדענקט, ווען ס'האָט דער אַלטער
לראַבּיע איר געלערנט בענשען
ס'לאַנד איר'ס, וואו זי איז געבוירען
און מיט אַלע קינדער־מענשען.
און זי האָט געפֿאָלגט דעם אַלטען
און נאָך מער ווי ר'האָט בעפֿוילען,—
נישט געבענשט בלויז, נור געליבט הייס

חאָט זי טיף אין האַרצען פּוילען.
און עס קלינגט־אָפּ אין איר אויער
די געשיכטע אַט די אַלטע.
„...ווען עס האָבען די פּאָווסטאַנצעס
אין די וועלדער אין געדיכטע —
אויפגעהאַלטען זיך און שיער
האָט מען קאָשטשושקאַ געפאַנגען,
האָט אַ ייד אים אָפּגערעטעט,
ר'האָט אים אַ כאַלאַט אַ לאַנגען
אָנגעטון, אַ באָרד אַ געלע
צוקלעפּט, אַ הוט אַ גרויסען
אויף זיין קאָפּ; געזעצט אים לערנען
צו אַ טיש און באַלד פון דרויסען
זענען רוסישע געקומען
און געפרעגט: „וואו ס'ליגט בעהאַלטען
דער פּאָווסטאַניעץ"...
אַט אַזוינע מעשיות הערט זי פון'ם אַלטען
גוטען כראַביע פאַן זאַבלאָצקי.
און זי וואָלט מיט אים געזעסען

גאַנצע שעה׳ן, גאַנצע שעה׳ן
און עס וואָלט איר נישט דערעסען
וועגן בערעק יאָסעלעוויטש
הערען, הערן זיין דערצעהלען.
יונג קלינגט נאָך זיין אַלטע שטימע,
ווי אַ שטאַרקער רויש פון וועלען
גיסט זיין קול זיך זיס און האַרציג
און זי הערט און הערט:

„גערבראָכען...
האָט דער שונא אונזער מאַכט — און
שטאָלצע פרויען פלעגען קאָכען
טעפּ מיט וואַקס און זידיג וואַסער,
דורך די פענסטער דאָס געגאָסען
אויף די קעפּ פון די מאָסקאַלען
האָבען זיי — און נישט געקוקט, וואָס
מ׳האָט צוריק אַרויפגעשאָסען".

פּערל מאַכט־צו אירע אויגען
און דערמאָנט זיך זיין דערצעהלען —

...אַז עס פֿלעגען יונגע מיידלעך
זיך פֿאַר מענער צו פֿערשטעלען
און געשטעלט זיך אין די רייהען,
אומגעקומען פֿון די קוילען,
נישט געשראָקען, נישט געקוקט אַלץ,
מוטיג נאָר געקעמפּט פֿאַר פּוילען...

יענע צייט פֿון זיין דערצעהלען
לאַנג שוין לאַנג שוין איז אַריבער
און זי איז אויך אויפֿגעוואַקסען,—
דאָך פֿון טאָג צו טאָג אַלץ ליבער
ווערט דאָס פֿאָטערלאַנד איר, פּוילען,
ס'ציהט איר, ווי מיט טויזענד צוואַנגען...
און אויף יענע פֿרויען, וועלכע
זענען אינ'ם קאַמף געגאַנגען
פֿיהלט זי שטאָלץ זיך—און אַ פֿייער
פֿלאַמט-אויף אין איר בליק דעם שוואַרצען
און די קליינע צאַרטע הענדטלעך
דריקט זי פֿעסט צו צו איר האַרצען

און זי טראַכט: איך וועל נאָך העלפֿען
כ׳וועל אַמאָל נאָך פוילען רעטען,
אפשר גאָר מיט סטאַש אינאיינעם
אין איין רייע אַריינטרעטען...

* * *

אין אַזעלכע זיסע טרוימען
איז זי לאַנג געווען פֿערזונקען
ביז ס׳האָט ס׳לעבען איר געגעבען
טראָפּענס ביטערע צו טרינקען...

## X.

ווי דער צפון-ווינד דער בייזער
יאָגט די כמאַרעס פון דער הויך,
איז אַזוי איר טרוים דער שענסטער
אויך פערגאַנגען, ווי דער רויך.
אַ געהיימע האַנד האָט עפּעס
פון איר האַרץ אַרויסגערויבט
יענע ליבע צו די מענשען,
וואָס זי האָט אַזוי געגלויבט;
אין די אויגען זיי'רע זעהט זי:
יעדער בליק — אַ שאַרפע שפּיז,
יעדע צונג — אַ מעסער. און איר
טרייסטער חבר, סטאַש — וואו איז?

האָט ער אויך שוין איר פֿערלאָזען?
ניין, ער ווייזט אַמאָל זיך נאָך,
און ביי יעדען מאָל פֿערגעסט ער
נישט צו געבען איר אַ שטאָך;
עפּעס רופֿט ער זי: פֿ ע ר ר ע ט ע ר,
זי פֿערשטעהט נישט, וואָס ער מיינט...
„פּוילען׳ס שונא“—זאָגט ער—„ביסטו“,...
ביטער האָט זי זיך צוויינט.
— „איך אַ שונא? אָך ווי קאָנסטו
זאָגען דאָס, מיין גוטער פֿריינד?“
— „יאָ, פֿעררעטער“—זאָגט ער—„זענט איר,
אַלע זענט איר פּוילען׳ס פֿיינד“.

און וואָס ווייטער ווערט זי שאַרפֿער
מעהר בעליידיגטער, געקרענקט:
— כ׳וואָלט מיין בלוט פֿאַר פּוילען—טראַכט זי?!
גערען דאָך אַוועקגעשענקט;
פֿאַר וואָס זענען אויף מיר אַלע
אַזוי בייז און אויפֿגעבראַכט?

ל. מלאך

בײַן, עס מוזען שלעכטע מענשען
דאָ אין דאָרף זײַן... און װי . . אַכט:
ערגעץ אין די שטעט די גרױסע
זענען בעסערע פֿערהאַן,
קליגערע און אמת׳דיגע,
װי דער אַלטער גוטער פֿאַן.
װידער פֿילט איר האַרץ אָן שמחה,
און די אױגען, שװאַרץ װי נאַכט
גלאַנצען־אױף... אַזױ זיצט זי
תּמיד, תּמיד טיף פֿערטראַכט.



## XI.

און איינמאָל, ווען זי אויפ'ן שטיין ביי איר פענסטער
געזעסען איז, האָט זי דערזעהן פון דערווייטען:
עס הויבט זיך אַ שטויב אויף, ווי רעדלעך פון שדים,
און סטאַש אויף אַ פערד איז געקומען צו רייטען.

— גוט נ'אָווענד!

— גוט נ'אָווענד' און פערל פערשעמט זיך...

און ס'ווערט איר געזיכט מיט אַ רויטקייט פערגאָסען.
דערלאַנגט זי די האַנד אים, ער דריקט זי און קושט זי?
און טיף אין איר האַרצען שוין האָט איר פערדראָסען,
וואָס זי האָט געטראַכט אַמאָל שלעכטס פון איר חבר:
צ'ריק איז ער גוט... און געפרעגט אים פאַמעליך
הכנעה'דיג האָט זי: „וואָס הערט זיך? וואו רייטסטו?"
און סטאַש טיט אַ שמייכעל געענטפערט האָט פרעהליך

„איך רייט אַרום וועג—אַך, איך וועל דיר דערצעהלען,
אַ מעשה'לע ווערטסו דאָס האָבען צו לאַכען:

„אין הויף איז אַ זשידעק, אַ גלעזער געקומען
און האָט עפּעס שויבען געוואָלט אַריינמאַכען—
און ווייסטו וואָס, פּערלאַ? ווי איך האָב דערזעהן אים
פון פענסטער, דאַן האָב איך אַריין אים גערופען,
און ווייסטו וואו? חאַ—חאַ! אין פינסטערען קעלער,
חאַ—חאַ—חאַ! אין פינסטערען קעלער, אין טיפען,
און דאָרט ביז פאַרנאַכט אים געהאַלטען”...

ער זעהט ניש,
ווי ס'קאָכט איר דאָס בלוט, איר געזיכט ווערט פערלאָפען
מיט בלוט און מיט פייער... זי שפייט אים אין פנים,
מיט פלומענדען צאָרן פון אים ז'איז אַנטלאָפען...
—„זשידובקאַ”...

געביילט האָט זיין האַנד אויפגעהויבען
אין לופט זיך, און ווי ביי אַ טיגער אַ בייזען,
צוזאַמענגעדריקט זיך די ציינער און געשריגען:
„זשידובקאַ! זשידובקאַ! איך וועל דיר שוין ווייזען!”

* * *

און ווי נאָר די נאַכט צוגעפֿאַלן איז, האָט זיך
דער הימל מיט פֿינסטערע וואָלקנס פֿערצויגן,
אַ ווינד הייבט־אָן בלאָזן אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער,
מיט בייזער געברומט און די צווייגן געבויגן,
גערוישט מיט די בלעטער, געפּייפט אין די לעכער
און הייבט אויף דאָס זאַמד פֿון דער ערד ווי אַ טורם.
אַ בליץ טוט אין הימל, אַ קנאַל פֿון אַ דונער,
עס מאַכט ווער דעם לאָדן צו—ס'גרייט זיך אַ שטורם.
און דאַן ווערט דאָס דאָרף ווי אַנ'איינזאַמער מדבר:
מען זעהט נישט קיין מענש, נור די בערגער ווי ריזן,
וואָס וואַקסן אין פֿינסטערניש גרויס אויס מיט מורא...
דאָך האָט אין דער פֿינסטער זיך עפּעס באַוויזן,
ווי שאָטנס פֿון מענשן, געהיימע געשטאַלטן,
וואָס האָבן זיך אונטער אַ פֿאַרקן באַהאַלטן...
דריי זענען געווען זיי: צוויי גרויסע, איין קלענער,
וואָס גראָבט פֿון דער ערד אויס און ברענגט זיי צו שטיינער,
אַ סודות'דיג לאַכן... און טראַך! אין אַ פֿענסטער,—
אין פֿענסטער פֿון מענדל'ען. און באַלד האָט דער קלענסטער
אַ צווייטן, אַ דריטן שטיין שנעל אויפֿגעהויבן,

דערלאַנגט זיי און—טראַך! טראַך! עס פֿאַלן די שויבן,
ס'בעוועגט זיך באַלד מענדעל'ס דערשראָקענע פּנים
און שרייט־אויס: „ווער וואַרפֿט עס? וואָס ווילט איר, גזלנים?"
עס בליצט און עס דונערט. עס ציטערט דער הימעל,
און פּלוצלונג אין שטוב ווערט אַ שרעקליכער טומעל,
ס'האָט מענדל'ען אַ שטיין אין זיין פּנים געטראָפֿען!...
עס זענען די שוואַרצע געשטאַלטען אַנטלאָפֿען...



## XII.

עס דערצעהלט זיך די געשיכטע
— אין ירושלים,
מ'האט די תבואה איינגעזאמעלט
פון דעם שניט דעם ביינעם,
איז געווען א גרויסער יום-טוב; —
שווער דאס איבערגעבען:
ווער ס'האט נישט געזעהן די שמחה
האט נאך אין זיין לעבען
נישט קיין גרעסערע געזעהן, ווי
יענע שמחה דאמאלס,
יענע שענסטע צייט, ווען מ'האט די
תבואה איינגעזאמעלט..

אַזאַ פֿרייד איז אויך אַצינדער
דאָ אין דאָרף, וואו יעדער
עסט דאָס ברויט פֿון פֿעלד פֿון אייגענס,
פֿרוכט פֿון זיינע סעדער.

---

וואָס איז מיט דער שענער פּערל
דורך דער צייט געוואָרען?
גלייך איז זי נאָך יענעם סכסוך
אין די שטאָט געפֿאָרען.
און די לעצטע טעג פֿון זומער
אומגעוואַנדערט דאָרטען
האָט זי אין דער שטאָט דער גרויסער,
ווייט פֿון פֿעלד און גאָרטען,
ווי אַ וואַנדערער אין גלות
פֿון דערהיים פֿאַרטריבען,
ווייט פֿון מאַמע׳ן, פֿון איר חבר,
און איר פֿריינד דעם ליבען.
טויזענד האַסען, טויזענד בעס׳ן
ווערען לייבט צושמאָלצען,

אינ'ם פֿייער פֿון איר הארצען
פֿאר זיין בליק דעם שטאָלצען...
פֿאַרוואָס האָט זי אים בעליידיגט,
און געזיכט געשפּיגען?
ר'איז אַ מלאך נאָך געוועזען,
וואָס ר'האָט דאָס פֿערשוויגען.
און אַ וואונדער,— זי אויף סכּות
איז אהיימגעקומען,
האָט איר סטאַש בעגעגענט פֿריינדליך
ווארם אויפֿגענומען...
און ער האָט פֿון דאַמאָלט-אָן זיך
גוט צו איר בעצויגען
און זיך הונדערט מאָל פֿערענטפֿערט.
און אין אירע אויגען
האָט אַ שטראַל זיך אָנגעצונדען
פֿול פֿון גליק און האָפֿען,
און ביינאַכט אויף איר געלעגער
קאָן זי מער ניִשט שלאָפֿען...
צ'ריק איז סטאַש איר בעסטער חבר,

פֿרײַנד און... עפּעס מערער,
עס פֿערשווײַגט די שיינע פּערל,
וואָס אין האַרץ איז שווערער...
דאָך די שווערע יונגע הערצער,
וואַרעמע פֿון ליעבע
פֿיהלען נישט די קיהלע הערבסט-צײַט,
טעג פֿון אומעט טריבע,
פּערל טרעפֿט זיך נאָך מיט סטאַש'ן
אין זײַן פֿאָטערס גאָרטען,
און די טונקעלסטע אַלעען
געהען בײדע דאָרטען.
אפֿשר מײנט ער, אַז זי האָט שוין
יענעם סוד פֿערריבען?
איצטער וועט מען אויף דאָס נײַ זיך
אָנהויבען צו ליבען?
ווידער פֿרײַ און ווידער זאָרגלאָז
קלינגט-אָב זײַן געלעכטער
און ער שטיפֿט מיט איר און מורמעלט:
„מער ווי ראַביע'ס טעכטער

קאָנסטו שענער, בעסער זינגען,
און מיט מער געפֿיהלען,
ווי דו וועסט גישט קיינער קאָנען
אויף דער ביהנע שפּילען".
ער דערצעהלט איר זיינע פּלענער
און זי הערט צופֿרידען.
— „שפּילען וועלען מיר טעאַטער,
כאָטש דו ביסט אַ יידין.
האָב איך דאָך ביי זיך בעשלאָסען,
אַז דו וועסט די גרעסטע
ראָלע שפּילען. ביסט דאָך אונזער
זינגערין די בעסטע..."



## XIII.

כאָטש   עס וואַרעמט נאָך די זון אַלץ,
דאָך, עס רוקט די צייט זיך,
ס'ווערען קורץ די טעג און קלענער,
און דאָס יונגוואַרג גרייט זיך
צוריק אין שטאָט אַריין צו פֿאָרען,
און צו לערנען ווייטער.
און עס ווערט דאָס דאָרף פֿערלאָזען,
ווי אָהן פֿערד דער רייטער.
מחנות'ווייז פֿערפֿליהען פֿויגעל
ערגעץ אינ'ם ווייטען
לאַנד פֿון מזרח, וואו א פֿריהלינג
טרעפֿען זיי א צווייטען.

טריבער, טריב די טעג אלץ ווערען.
ס׳ווייזט די זון זיך זעלטען,
און די געלע בלעטער פאלען —
רעגענס, ווינט און קעלטען.
אלטע פוי׳רען אין די כאטקעס
זיצען שוין בעהאלטען;
פריש בעדעקט מיט שטרוי די דעכער
און מיט מאך — די שפאלטען.
מ׳האט א „ספולקע״ אויפגעעפענט
אינ׳ם דארף. עס קויפען
פוי׳רען אלץ, וואס זיי בעדארפען.
און אויף אזא אופן
צוגענומען ביי רב מענדל׳ען
די פרנסה, ס׳לעבען.
קינדער צוויי, קיין עין־הרע,
האט ער אויסצוגעבען,
ס׳לאזט זיך אויס די לעצטע גראשענס.
און דא קומט דער ווינטער,
ס׳וויינ ארום געהט געבען בארוויס,

רחל'ע וואַקסט אונטער.
און אין שטוב געהיימע שאָטענס
וואַרפֿען אָן אַ מורא,
און אויף יעדען אויסגעגאָסען
ליגט אַ מרה־שחורה.
פּערל'ען אָבער אַרט עס אַלץ ניט,
ניט דער הערבסט, די קעלטען, —
עפּעס זעהט זי פֿאַר זיך בלויז נאָר
נייע שענע וועלטען...
צ'ריק איז סטאַש איר בעסטער חבר,
פֿריינד און... עפּעס מערער...
עס פֿערשווייגט די שענע פּערל,
וואָס אין האַרץ איז שווערער...



## XIV.

ווי אַ זקנה אײַנגעשרומפּען,
גרוי און אַלט,
אָבגעדאַרט און אײַנגעבויגען,
שוואַך און קאַלט,
אַזוי איז דאָס דאָרף אַצינדערט
שטום און טריב:
יעדער אײנער ווי בעהאַלטען
זיצט אין שטוב.
ברויט געבאַקען, מעל געמאָלען,
שפּײַז און זאַלץ,
אָנגעגרייט איז אויף אַ גאַנצען
ווינטער אַלץ;

קאָן מען וואַרעמען זיך רויִק,
מעג זײַן קאַלט.
דורך די קלײנע פֿענסטער זעהט מען
ווי עס פֿאַלט
לאַנגזאַם, לאַנגזאַם זיך דער ערשטער
שנײ אויף וועלט
באַלד צוגאַנגען אין אַ בלאָטע
אויף דער ערד.

---

און אין פּאַלאַץ בײַ די כּראַביעס
רויִשט און זידט,
ס'ברענט די אַרבײַט, אײנער נור ווי
צוגעשמידט
ס'זיצט — דער אַלטער כּראַביע מיכאַל
און אַ טרער
שטעהט אין זײַנע טריבע אויגען...
עפּעס שווער,
עפּעס ביטער, עפּעס פּרעסט אים
אין זײַן האַרץ, —

עפּעס זעהט ער: וואָלקענס, לםאַרעס
פינסטער־שוואַרץ
רוקען זיך אָן אַלץ געדיכטער,
דיקער אויף
פּוילענ'ס הימעל... „גאָט, צי קומט ניט
שוין דער סוף״?
ווי עס רוימט איס ווער געהיימע
סודות איין,
ווי געהיימע פינגער ווייזע
אים דעם שיין
פון דעם בלוטיגן מאָרגען־שטערען —
ר'שיינט ניט מער...
שוואַרצע קראָהען, שוואַרצע פליגעל
בליען־שווער
שפּרייטען אויס זיך אויף דעם בלוטען
הימעל־פּראַכט...
און עס קומט אַ חושך'דיגע
שוואַרצע נאַכט...

און דער אַלטער גרױסער מיכאַל
טאָג און נאַכט
זיצט און האַלט די אויגען זײַנע
ווײַט פֿערטראַכט...

---

הײמליך, ווארם איז אין זאַל פֿון
כראַביע יאַן,
פּריצים האָבען זיך פֿערזאַמעלט.
פֿון א פּלאַן
רעדען אַלע, ווי=אַרום ס'וועט
בעסער זײַן...
פּלוצים קומט אַ לאָקאַי אין דער
מיט אַרײַן
און ער נויגט זיך און ער מעלדעט:
אַז פֿערהאַן
איז אַ יידעל, וועלכער פֿרעגט זיך
צו דעם פּאַן.
אויפֿגעשטאַנען איז דער פּריץ
שטאַרק בעשווערט,

ר'איז אַרויס און צ'רוקט אַריין באַלד
און ערקלערט:

„מיינע געסט, איר פּריצים, כּראַביעס,
ווייסט, עס האָט

זיך אַ „מאָשקע" דאָ געיאַוויעט
פון דער שטאָדט,

וועלכער וויל אונז געבען סחורה
ביליג, גוט;

כ'ווייס נישט איצטער, מיינע הערריען,
וואָס מען טוט...

אמת טאַק: אונזער רעיון,
איז בעקאַנט —

אַלץ אַרויסצורייסען פון דעם
יידענס האַנד,

אָבער אונזער פּאָלק איז נאָך נישט
צו דער זאַך

גוט דערצויגען: נעמען טייער
און אַ סך,

מוז מען דאָך צום ייִד אָנקומען:
עס איז שלעכט!
זאָגט אַרויס זיך אײַער עצה."
— "יאָ, געכעכט" —
רופֿט־אויס אײנער פֿון זײ, וואָס די
גאַנצע צײַט
דרעהט זיך זײַנע גרויסע וואָנסעס,
זיצט זיך ברייט. —
"יאָ געכעכט, מיר מוזען ריצטען
ס'פֿאָטערלאַנד
און אַרויסצורייסען פֿון דעם
ייִדענס האַנד
דאַרף מען קודם־כל דעם מסחר,
און אַ חוץ
קאָן מען גלאַט דאָך עפּעס האָבען
דאָפּעלט נוץ:
ערשטענס ווערט מען אַרויסרייסען
זײַן פֿערמעג

און בעצאָלען וועט מען אים מיט
נעכטיגן טעג;
צווייטענס וועט מען אָהן א גראָשען
האַנדלען באַלד,
קיינער וועט מיט געלד ניט שטעקען,
אויס געוואַלד!"
„בראַוואָ, בראַוואָ"! — שרייען אַלע —
„וואויל און פיין,
אויסגעצייכענט!" און מען רופט דעם
ייד אַריין.

טייף פערנויגט זיך, איינגעבויגען
און אַראָב
האַלט ער צו דער ערד זיין אַלטען
גרויען קאָפּ.
גלייך דערקענט מען אין זיין פנים,
אז ער וואָלט
צו דעם עגל הזהב, צו דעם
קאַלב פון גאָלד

ס'פאַלק און כבוד אָנגעגעבען...
לאָמש ער האָט
מורא און ער בוקט זיך יעדען
טאָג פאַר גאָט
אין דיעם קליינעם שטעדטעל ווינעם,
וואו ער איז
גאָר אַ גרויסער למדן און אַ
תלמוד-ריעז,
דאָך... פרנסה... מעג מען לעקען,
קושען... עט!
ווי אַ בעטלער אַ נדבה
ועלכער בעט,
אַזוי שטעהט ער, בליקען-שפּרזען
שטעלען אים,
ביז ר'האָט ענדליך קוים דערהערט דעם
פּריצ'ס שטים:

„איך וויל, ערשטענס" — זאָגט ער — „וויסען
ווי איר הייסט,

צווייטענס זאָלט איר אַלץ מיר זאָגען
ווי איר ווייסט,
וועגען סחורה, וואָס מיר דאַרפֿען
האָבען איצט
גוט און ביליג און דער עיקר —
קודם זיצט".
(ס'רוקט דער פּריץ אים אַ שטול צו
גאַרנישט בייז.)
— „יאָ, דער עיקר ערלּיך האַנדלען...
און דער פּרייז?"
און געזעצט זיך אויף דער שטיל האָט
ער זיך דאַן.
— „הייסען הייס איך משה מרדכי
זילבערמאַן,
און וואָס שייך צו דער סחורה,
מילא כ'וועל
מוזען געבען גוט און ביליג
און רעיעל".

— „גיין, איך ווייס די זשידקעס דיינע
האָבען דאָך
ליב צו גאָרען" — זאָגט דער פּריץ, —
— „אָך, אָך, אָך"!
שרייט־אויס משה און ער כאַפּט זיך
אויף פון שטול —
„מיט אַ יידען איז נור גוט צו
געהן אין שול,
נישט צו האַנדלען, כ'ווייס אַליין דאָס,
כ'זאָג, אַז כ'וועל
סחורה געבען גוט און ערליך
און רעעל"
און בעשטעלט האָט מען ביי מאָשקע'ן
סחורות פיל,
צוגעזאָגט ר'האָט אַלץ צוברענגען
און גאַנץ שטיל
זיך געזעגענט, אויפגעשטאַנען
פון דעם אָרט

און אויסגעגאַנגען שוין געווען

און פון דאָרט

ביז דער טיר שוין נאָך אַמאָל זיך

אומגעקערט

און געבויגט זיך, און געבויגט זיך

ביז דער ערד.

---

ליכטיק איז אין זאַל אין גרויסן,

וואו עס זיצט

סטאַש דער יונגער אויסגעשליפֿערט,

אויסגעפּוצט

אַ קוזינקע אַזש פון קראָקע

שיין און יונג

איז געקומען, רעדט פראַנצויזיש

גוט און גרינג;

שפּילט פּיאַנינאָ, שטיפט מיט אים און

שמייכלט זיס...

עס פאַרשטייט זיך, סטאַש פאַרליבט שוין

אין איר איז...

ביידע זיצען און פֿערברענגען,
בעטען ס׳זאָל
שוין אַ גליטש זיין — פֿינ׳ם הויכען
באַרג אין טאָל
װעט מען גליטשען זיך אויף שליטלעך
אויפֿ׳ן שניי,
איצטער שפּילען און פֿערברענגען
ליבלין זיי...

* *
*

... און אין צווייטען עק פֿון דאָרף, ווייט
ערגעץ־וואו,
דאָרטען זיצט די שענע פּערל
קוקט זיך צו,
ווי איר חבר, גוטער פֿריינד און
עפּעס מער...
שטיפֿט אַרום מיט יענער, וועלכע
איז אַהער
פֿון דערווייטענס אַזש געקומען
און זי האָט

צוגענומען בײַ איר אַלעס
און צום שפּאַט
אפשר אין די אויגען זײַנע
אויסגעשטעלט.
איצט איז פינסטער איר דאָס לעבען
אויף דער וועלט —
האַרט צוטרעטען, אויסגעלעבט איר
שענסטער טרוים,
ווי אַ שטומער שאָטען בלאָנדזיעט
זי אום קוים.
און איר מאַמע קוקט דאָס אַלץ צו
און זי זעהט:
ווי אַ ליכטעל געהט זי אויס,
און נישט פערשטעהט.
— „וואָס בעדײַט דאָס טאָכטער מײַנע,
טײַער קינד?
פעהלט דיר עפּעס, ביזט חלילה
נישט געזונד?“

— „מאַמע״ — זאָגט זי — „האָב קיין מורא.
ס'איז גאָרנישט״.

**און** די טרערן פון די אויגען
אויס זי ווישט.

— — — — — — — — — —



## XV.

ווי אַ טויטער אין תּכריכים,
איינגעהילט אין ווייסן שניי,
ליגט דאָס דאָרף ווי אָבגעשטאָרבען.
זעלטען לויפט אַ וואָלף פערביי.
דאָך די לעצטע צייט בעוועגט זיך:
ס'כאַפּט זיך ס'מת דאָס גרויסע אויף,
אַ געקלאַנג פון שליטען-גלעקלעך
וועקען ס'דאָרף פון ווייסן שלאָף;
פויערן פאָרען אין די וועלדער,
ברעכען כאָיאָנקעס און ברענגען
אין די שטובען, פוצען אויס זיי!

שלייִרען, צירען, און בעהענגען
מיִט פּאַפּיִרענע פּאַיאַצען,
און מיִט בלאַנקעריִגע קרעל,
ווייַסע וואַטע, גריִנע בענדלעך,
און מיִט רויטע ליִכטלעך, — העל
וועט זיִך ברענען אין די שטיִבלעך.
אַלדאָס=גוטס געבאַקען איִז,
לאַנגע קוכענס, קלאָרע חלות,
און אַ פלאָדען — צוקער=זיִס.
יונגוואַרג קומען פון די שקאָלעס
אויף דעם יום-טוב, אויף דעם גרויסען,
ווידער מאַכט אין דאָרף זיִך פרעהליִך;
ס'לעבט זיִך אויפדאָסניי אין דרויסען:
ווער מיִט גליִטשערס אויף דער ווייַסעל,
ווער אַ גליִטש האָט אויסגעשאַרפט,
ווער עס שטעלט=אויף „ווייַסע מענשען",
אייִנס דאָס צווייִטע שנייִ זיִך וואַרפט.

אַז דער ערשטער טאָג פון יום-טוב
איִז אַריִבער, האָט זיִך איִצט

אָנגעהויבען ערשט אַ לעבען;
ס'איז די סטאָדאָלע בעפוצט
אויסענווענינ, אינעווענינ,
פאַרטינ איז שוין אַלץ געוואָרען;
שפּילען וועט מען היינט טעאַטר
און עס קומען שוין צופאָרען
שליטלעך, קלינגענדיע, געטאָקטע,
ווי די לייבען גרויסע פערד,
פליהען דורכט זין ווי די אָדלערס,
און בערירען קוים די ערד.
פון אַרום די דערפער קומט מען,
ווער צו פאָרען, ווער צו געהן.
און די סטאָדאָלע געפּאַקט שוין
איז מיט מענשען פול געווען.

ס'זענען פון די נאָנטע גיטער
אַלע פּריצים דאָ געקומען
און מיט די זאַבלאָצקיס האָבען
ערשטע ערטער זיי פערנומען.

די אַקטיאָרען שטעהען גרייט שוין,
יעדערער קאָן גוט זיין ראָלע,
„נור אַ שאָד: ס'וועט „האַלקאַ" שפּילען"—
ברומט מען—„די זשידובקאַ, פּאָלע..."



## XVI.

טונקעל ווערען שוין די לאָמפּען.
ס'איז דער פֿאָרהאַנג אויפֿגעגאַנגען.
יעדענס בליקען — אויף דער סצענע,
עס האָט שוין זיך אָנגעפֿאַנגען.
און אָט ווײַזען זיך די שפּילערס:
פּריצים, פּריצה'ס, מײדלעך, יינגען,
אָנגעקלײדעטע קראַקאָוויאַצקע,
טראָגען בעכערס ווײַן און זינגען.
אָט איז „האַלקאַ" אויפֿגעטרעטען
מיט אַ קראַנץ אַ גרויסען בלומען
און דערלאַנגט האָט זי זיי „יאַש'ן"

וועלכער האָט זיי צוגענומען.
מיט אַ שמייכעל אויף די ליפּען
איז ער צו איר צוגעגאַנגען
און געגלעט איר קאָפּ דעם שענעם,
און די צעפּ די שוואַרצע שלאַנגען,
און געקושט איר האַלז דעם ווייסען
און זי קושט אים און זי בריהט אים
מיט איר אָטעם, מיט איר הייסען.
און דער עולם זעהט פערוואונדערט,
און די אויגען גליהען, בליצען,
דאַמען זיצען אויפגערייצטע,
פאַר פערדראָס די ציינער קריצען:
— „די זשידובקאַ קושט אים אמת" —
הערט זיך מורמלען — „אַזוי שפּילט זי?..."
האַלקאַ שפּילט ניכשט, סטאַש איז אירער
„יאַשאַ" — סטאַש... דאָס איינע פיהלט זי...

— — — — — — — — — — — — —

שאַ! עס שפּילט דער אַקט דער צווייטער:
אויף דער סצענע בלוי און טונקעל.

ס'זעהט אַ פּאַלאַץ זיך מיט פענסטער.
ביי דער גרויסער טיר, אין ווינקעל,
אויף די טרעפּלעך אויסגעצויגען
איז האַלינאַ דאָן געלעגען.
אירע שוואַרצע האָר צוואָרפּען,
און געזעהן האָט זי: אַנטקעגען
העלע ליכט פון פּאַלאַץ פענסטער,
דאָרטען, דאָרטען איז איר ליבער,
און ער קומט נישט, און ער קומט נישט,
און איר הארץ ווערט טריבער, טריבער.
פלוצלינג האָט איר זיסע שטימע
אויף דער סצענע זיך צעזונגען
ווי מען וואָלט געהערט אַ סטרונע
פון איר טיפען הארץ אָבקלינגען.
טראַ-לאַ, יאָמערט-מיט די פידעל,
צאַ-צאַ — פויקען-צו די טאַצען
און עס גיסט זיך שטיל דער ניגון
אויף דעם שוועל פון די פּאַלאַצען — — —
— — — — — — — — — — — —

„ווי נור די זון געהט-אויף אין מארגען פריהען
„דאן ווי א פויגעל וואלט איך פליהען
„און ווי א פישעלע געשוואומען
„ביז איך וואלט צו דיר געקומען
„א, יאשקו מיין, צו דיר!

---

די מוזיק שפילט-צו צום טאקט
און עס ענדיגט זיך דער אקט.

---

ווידער שפילט מען אויף דער סצענע.
לינקס א קאשטשאל, רעכטס א וואסער.
אינ׳ם קאשטשאל שפילט אנ׳ארגעל, —
האלקא שטעהט אויף, בלאס און בלאסער
ווערט איר פנים: צו זיין חופה
געהען דא די מיידלעך אלע
פאר דעם אלטאר שטעהט איר ליבסטער
איצטער מיט זיין רייכער כלה,
דאס געזאנג פון אינעווענינ
ווערט אלץ שטארקער, העכער, העכער.
— „ניין, איך וועל נישט לאזען" — זיגט זי —

„אים געניסען פון דעם בעלער"!
און זי כאפּט דאָס קליינע לעמפּעל
פון דער הייליג=מוטערס בילד,
צינדט דערביי אַ הויפען שטרוי אָן,
לויפט אום מיט'ן פייער ווילד.
— „אונטערצינדען אַלע זייטען", —
שרייט זי — „וועל איך, ס'גאַנצע דאָרף
אויך אים, זיין כלה און דעם קאָשטשאָל,
אַלץ פערברענען!" נאָר אַ וואָרף
טוט זי ס'פייער אינ'ם וואַסער,
ס'ווערט פערלאָשען אין אַרויך.
— — — — — — — — — —
און זי זעצט זיך אויף אַ שטיין דאַן,
און צעוויינט זיך ביטער הויך.
— — — — — — — — — — —
אויף דער סצענע ווערט אַלץ טונקלער
נאָר פון קאָשטשאָל=פענסטער פאַלען
העלע פאַסען ליכט פון פאַקעלן,
העלע פאַסען ליכט, ווי שטראַלען...

און זי הערט דעם גלה'ס תּפֿלה
אין די נאַכט אַרײַן זיך גיסען,
און זי הערט אויך אַנטעק'ס שטימע
זינגען הינטער די קוליסען...
— — — „עס טרויערט נישט מײַן האַרץ אויף קיינע
ווי נאָר אויף דיר, אונשולדיג ריינע:
אָ, האַלינאָ, אָ, די איינע,
אָ, מיידעל מײַן,
די שולד איז דײַן!..."
— — — — — — — — — —

דעמאָלט בלײַבט אַראָבגעהאָנגען
צו דער ערד איר קאָפּ, איר בליק
קוקט פאַרגליווערט, דעם סיפלאָר
הערט זי נישט און די מוזיק.
און אָט טרעט-אויף „ס'יונגע פּאָר'ל"
אַלס מאַן און ווײַב שוין איצט
עס בעגריסען זיי די מיידלעך,
נאָר האַלינאַ איינע זיצט,
ווי אַ שטיינערנע סטאַטוע
צוגעשמידעט צו דעם אָרט...

ניין, זי האָט נישט מעהר קיין שמייכעל
און קיין זיין בעגריסונגס=וואָרט.
און די כלה (סטאַש'ס קוזינקע,
וואָס פון קראָקע אַזש אַהער
איז געקומען, שפּילט די ראָלע)
פרעגט ביי איר: וואָס איז דיר שווער?
מיידעל, וואָס ביסטו פערטרויערט?
האַלקע, וואָס ביסטו פערוויינט? —
ווערסטו דען נישט אונזער יום=טוב
גלייך מיט זיי בעגריסען היינט?
און דאָ כאַפּט זיך אויף — נישט „האַלקאַ",
נאָר רב מענדעל'ס טאָכטער — בלאַס
און זי זינגט שוין נישט, זי שרייט=אויס
פול מיט ביטערקייט און כעס
„ביסט פון קראָקע אַזש געקומען,
מיידעל, ביזט נאַאיוו און יונג
און איך בין זיין ווייב געוואָרען
נישט בײַם אַלטאַרזש און אָהן רונג..."
און געפאַלען אין חלשות

איז זי, און אַ טומעל באַלד
האָט אין זאַל זיך אויפגעהויבען
און די פאָרהאַנג אַראָב פאַלט...

— — — — — — — — — — —

די קוזינקע פול מיט חרפה
קוקט אויף סטאַש'ן רויט פאַר צאָרן.

— — — — — — — — — — —

און דער סוד דער מורא'דיגער
איז בעוואוסט, בעוואוסט געוואָרען.



## XVII.

דער הימעל גרוי און ווייס די פעלדער,
עס ברענען די פרעסט;
און צוגעטוליעט איינס צום צווייטען
צוזאַמענגעפּרעסט,
ווי קינדער שטעהן די קליינע כאַטקעס,
ווי אונטער איין דעק
פון קלאָרען שניי, וואָס בלענדט מיט ווייסקייט
פון עק דאָרף ביז עק.
און כאָטש דאָס דאָרף איז ווי געשטאָרבען,
פערגליווערט און שטום,
דאָס איז נאָך דיקאיזמהנות קראָהען,
וואָס שפּרינגען אַרום

מיט זייער „קרא—קרא!"זאָגען נאָר אָן:
דער ווינטער, די קעלט
וועט לאַנג נאָך דויערען, ביז אויפלעבען
אויפס'ניי וועט די וועלט...
און כאָטש עס גליסט אַמאָל דעם ווינד זיך,
צוברומט ער זיך בייז,
און כאָטש אונמעגליך פאַר דעם יונגוואַרג
צו געהן אויפ'ן אייז—
דאָך קאָכט דאָס דאָרף ווי אין אַ קעסעל,
מען שמועסט און מען רעדט
פון פריהען מאָרגען ביז'ן אָוונט
פון טייוועל און שד.

עס קומען זיך צונויף די שכנים
נאָך איידער עס טאָגט
דערצעהלען איינס דעם צווייטען זיך, וואָס
דער קשאָנדז האָט געזאָגט:
עס האָט דער קשאָנדז געזאָגט דעם פריץ
און נאָכדעם דערצעהלט

אונז אלעמען פון שדים, רוחות,
וואס זענען פערשטעלט,
וואס האבען א געשטאלט פון מענשען,
וואס וואוינען נאר בלויז
אין הערצער פון זשידאווסקי טעכטער
און קוקען ארויס
פון זייערע אויגען, ווי דורך פענסטער
און אויב, אז זיי זעהען
א אונגעוויינטע וואס געפעלט זיי,
נאך דער וואס איז שען —
דאן פאנגען זיי אים באלד... עס זענען
די אויגען קויהל=שווארץ
דורך וואנען ס'קוקט=ארויס דער טייוועל
פון מיידעלשען הארץ.

ביז שפעט ביינאכט, ביים שיין פון קליינעם
און צאנקענדען ליכט,
וואס ברענט, בעלייכט דאס בילד אין ווינקעל,
דאס שווארצע געזיכט

אין גאָלדענעם רעם, די „הײליג=מוטערס"
מיט שטערען בעקרוינט
דערציילט מען מעשיות אַלץ פון שטן
בײ וועמען ער וואוינט.

עס קנאַקט דאָס פײער אינ'ם קוימען
פון ציגעל און ליים
און ס'זיצען קרײז אַרום די שכנים
און רעדען געהײם:
פון די רשעים אין גיהנום,
וואָס ברענען זיך יעצט,
פון מענדעל'ס טאָכטער — אין איר האַרץ האָט
אַ שד זיך בעזעצט...
„—אָ, אָ לאַ באָגאַ!" — קרעכצט אויס אײנער
און צלמ'ט זיך פרום...
און אַלע שאָקלען מיט די קעפּ צו,
בעוועגען זיך שטום
„— אָ — יאָ — עס זיצט אין איר אַ טײוועל,
איך האָב באַלד דערקענט

— אין בליק אין אירע׳ן״ — זאָגט ער ווייטער,
„ווי פלאַמענד ער ברענט,
נישט גוט, נישט גוט, געפאַנגען סטאַש׳ן
געוויס האָט דער לץ,
וואָס זיצט אין די זשידובקאַ׳ס האַרצען,
געוואָרפען זיין נעץ
אויף אים דורך אירע גרויסע אויגען
און באַלד צוגעשמידט —
אָ, ר׳האָט פערקויפט שוין זיין נשמה
צום שד און צום ייד...״
א צווייטער האָט נאָך מעהר מיט אימה
די מעשה געמאָלט,
— „אָך, ווי זי האָט דאָס דאָרף, דעם קאָשטשאָל
פערברענען געוואָלט,
אַרומגעלאָפען אויף דער סצענע
מיט אַ פלאַם אין די הענד,
אַז ס׳זיצט אין איר אַ שד, אַ טייוועל
באַלד האָב איך דערקענט...״



## XVIII.

עס ציהען זיך די נעכט די לאַנגע
אין פּריצישען הויף,
„— פֿאַרוואָס איז אומעטיג אַזוי ?"
דער שלאָס איז ווי אַ טריבע פרוי —
פֿערלאָזען און איינזאַם.

וואו זענען היי-יאָהר די מאַגנאַטען,
וואָס קומען צונויף
פֿערברענגען די סילוועסטער-נעכט
אין פּריצ׳ס פּאַלאַץ גאָרנישט שלעכט
און הוליען געמיינזאַם ?

וואו איז מוזיק ? די מייסטער-טענצערס ?
דער מאַסקאַראַד-באַל,
וואָס פלעגט אין גרעסטען גלאַנץ און פראַכט
ביי׳ם כראַביע זיין די נייאָהר-נאַכט
— אַנ׳אַלטע חזקה ?

וואָס ברענגען נישט די זשיראַנדאָלען
אין מאַרמאָרנעם זאַל,
וואו ווין און פרייד ווערט אויסגעמישט ?
די הויכע געסט, וואָס קומען נישט
פון ווארשאָ און קראָקע ?



# XIX.

מ'האט קיינעם געבעטען, ס'איז קיינער געקומען,
דער זאל איז פער'יתומ'ט געווארען —
די שענע קוזינקע, די קראקאווער פריילין
מיט צארן
אוועק איז געפארען.

דער פאן יאן זאבלאצקי ארום געהט, ווי ברוגז
און האלט אלץ אין איין זיך אויפרעגען,
זיין ווייב די בראבינא, א קראנקע פער'חלש'ט
געלעגען
אין בעט איז א קעגען.

געשטאנען איר מאן און געמורמעלט... א חרפה,
פערפלעקט איז דער גרעפישער טיטול,
די קייט פון פיעל דורות... פערשריבען דער רוהם איז
אין קוויטעל —
וואו נעמט מען א מיטעל

דעם פלעק, דעם בזיון אָנמעקען, אָבוואשען,
די בושה, די שאַנד צו פערטרייבען?
און כטאַש זאָגט: אָ, פאָטער איך שווער דיר, זי וועט דאָ
נישט בלייבען;
יאָ, כ'וועל זי פערטרייבען!

איך וועל דאָס פערטרייבען, בערוהיגט זיך, ליבע,—
געזאָגט האָט ער ווייטער—נישט ליידען
דערפון אונזער שטאָלץ וועט, איר וועט נישט מיין צאָר
אויסמיידען,
איך הער נישט דעם זיידען

וואָס האַלט אין איין מוסר מיר זאָגען און בעטען
איך זאָל נישט... איך וועל אים נישט הערען
זי האָט מיך בעליידיגט אין אַלעמען'ס אויגען
ביז טרערען—
געשענקט וועט נישט ווערען!



## XX.

א קעלט איז אין דרויסען, א שניי און א שטורם,
די בוימער—פערשיטע ווי מתים,
וואס הייבען זיך אויף האלבע נאכט פון די קברים
אין ווייסען געהילט, אין טליתים.
דער ווינט פייפט, עס רוישען די טרוקענע צווייגען,
דאך פרעהליך אין דארף איז איינגאנצען:
דאס אלטע יאר ווערט מיט א פויקען פערטריבען
מען נעמט=אויף דאס נייע מיט טאנצען,
מיט שפילען, מיט זינגען קאלענדא — די כלאפעס
פערשטעלט אין פאפירענע קרוינען
און רייטען אויף „פערדלעך" און ברענען שטורקאצען—
פערברענגען אין פרעהליכע לוינען.

## XXI.

מער קאלט, ווי אין דרויסען, אין שטוב איז אין מענדעל'ס,
אין וואנד פון דער צווייטער איז נאסער;
דער ווינט רייסט אין לאדען און פייפט אין דעם קוימען
די קינדער פון שניי זענען בלאסער.
און געל ווי א פארמעט דאס פנים איז מענדעל'ס
און טיעף — זיינע קנייטשען פון שטערן,
און רויט אויסגעטרוקענט די אויגען דעם ווייב זיינ'ס
פון וויינען מיט בלוטיגע טרערען.
און פערל, זי רעדט ניש, אזוי ווי א שטומע,
אין ווייטקייט פערגליווערט די אויגען,
די הענד שווער אריבער די קניהען געהאנגען,

איר קאָפּ צו דער ערד איינגעבויגען;
אין לענג, אין דער ברייט האָט צולעגט זיך אַ שאָטען
גלייך װעלען װאָלט אַלץ ער פֿערכאַפּען.
און טאַנצט אויף דער װאַנד... װי אַ ראָב אויף אַ קבר,
און פּלוצלינג—עס הערט זיך אַ קלאַפּען
גאַנץ שטיל אין דער טיר, װי נישט װעלען דערשרעקע
אַ ברומען הערט ער: „מענדעל עפֿען!"
מיט פּחד געהט בערל די טיר דאַן אויפֿמאַכען
נישט װיסענדיג װעמען ס'װעט טרעפֿען.
און פּלוצלינג— אַ גאַסט, אָ, דער אַלטער זאַבלאָצקי
צו מענדלע'ן איז שטוב איז געקומען.
„אַ גאַסט! אָ אַ גאַסט!" און מען האָט זיך די היטלען
אַראָב פֿון די קעפּ שנעל גענומען,
דאָס װייב אָבגעװישט האָט דאָס איינציגע בענקעל,
דעם גראַביע צום זיצען פֿערבעטען;
דער פּריץ, ער דאַנקט און ער הויבט־אָן צו רעדען!
— פֿערביי געה איך — װילט זיך אָבטרעטען
אַ צייט נישט געזעהן דיך שוין לאַנג נישט, שוין לאַנג נישט

די קעלטען, אָ—האָ, די קעלטען!
כ'געדענק שוין פון יאָרען קיין פרעסט נישט אַזעלכע,
איך קום פון מיין הויז אַרויס זעלטען.
אַצינד אָבער, מענדל, הער אויס וואָס איך זאָג דיר:
געהערט האָב איך עפּעס, חלילה,
מען גרייט זיך צו מאַכען!... גערייצט זענען אַלע,
עס העלפט נישט מיין רעדען אפילו,
דו ווייסט דאָך, כ'בין אַלע מאָל גוט דיר געוועזען
און דו מיר—דאָס זעלבע, דאָס גלייכען,
נור היינטיגע צייטען גאַנץ אַנדערע זענען,
פון טייוועל אָ=האָ אַזאַ צייכען...
פערשטעהסטו מיך מענדל כ'קאָן אַלץ דיר נישט זאָגען...
נאָר ברענג זיי נישט צו צום נסיון
און גאָט זאָל דיך היטען! אויף זיך ברענגסטו אומגליק,
אויף מיר און אויף פוילען — בזיון...
אַך, הייליגע מוטער, וואָס זיי קאָן זיך גלוסטען?
ווען דו וואָלסט אַרויס זיך געצויגען
פון דאָרף דאָ, וואָלט ס'בעסטע געוועזען—וואָס דאַרפסטו

נאָך זײַנען זײ אַ שפּיז אין די אויגען?
און הער=אויס מײַן עצה: פּאַק אײַן די חפצים.
געשעהן זאָל אַפילו דאָס מאָרגען.
אַלײן װעל איך העלפען מיט אַלץ, װאָס איך קאָן נור
און אױף די הוצאות דיר באָרגען...

— — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — —



## XXII.

די שטוב האָט דער אַלטער זאַבלאָצקי פערלאָזען,
דער ווינט האָט אָהן אויפהער, אָהן אויפהער געבלאָזען
ווי ס'וואָלטען אי דרויסען טײַוולאָנים געלאָפען.
עס זענען שוין אַלע, חוץ פערלע'ן געשלאָפען:
עס צאַנגט ס'קלײנע לעמפעל, עס גוססע'ט דאָס פלעמעל,
עס שלאָפט דער בעל-בית פון אָרימען קרעמעל.

— — — — — — — — — — —

עס צאַנקט ס'קלײנע לעמפעל, עס גוססע'ט דאָס פלעמעל,—
שלאָף רוהיג, בעל-בית פון דאָרפישען קרעמעל,
וואָס אַרט דיך די ווינטען אין דרויסען, וואָס יאָגען?
די נאַכט איז אַ לאַנגע,— נאָך ווײַט איז צום טאָגען;

דו טריִנקסט דאָך בײַנאַכט נישט די ביטערע טראָפּענס
דיך װאַרעמט דעם כּראַביעס מטבעות צוקאָפּענס...
דײַן האַרץ, אפשר, פֿול איז מיט בענשען און פֿלוכען,
אַהײם דאַרפֿסטו מאָרגען אַ נײַע זיך זוכען.
װאָס אַרט דיך, דו ביזט דאָך אַ גליד פֿון די גלידער,
אַװאַנדערער׳ס זוהן און אַװאַנדערער׳ס ברודער.
שלאָף רוהיג, בעל־בית, פֿערמאַכט איז דײַן קרעמעל",

- - - - - - - - - - -

עס צאַנקט ס׳קלײנע לעמפּעל, עס גוסס׳עט דאָס פֿלעמעל
און פּערל זי זיצט אַלײן, די אויגען ברײט אָפֿען,
ביז ס׳רופֿט איר די מאַמע „װאָס געהסטו נישט שלאָפֿען?"
נאָר פּערל זי הערט נישט דעם רוף פֿון דער מאַמען,
עס דוכט איר: אין פֿענסטער בעװײַזען זיך פֿלאַמען,
עס װערט אַלץ מעהר רויט, דורך די לאָדענס
אין דרויסען:
עס הערט זיך אַ קלאַפּ פֿון אַקראַכען אַ גרויסען,
אַט כאַפּען זיך אַלע מיט שרעק אויף, מיט אימה,
די שטוב איז מיט העלקײט בעגאָסען... געהײמע

געלעכטערס פון יענער זייט טיר,—און אט זענען
די שויבען געפּלאַצט שוין פון פענסטער און ס׳ברענען
די בעלקעס, מכשירים, דאס שטרוי אין די בעטען,
צומישט זענען אַלע און ווילען זיך רעטען.
געווען איז די טיר און דאס פענסטער פערשלאָגען!
עס האבען זיך ווילדע יללות געטראָגען
צו גאָט: „שמע-ישראל״! צום גרויסען בעפרייער!
געשטיקט האט דער רויך און געבריהט׳ האט דאס פייער,
געקנאַקט און געקראַכט האט, ווי טויזענטער רוחות,
דער ווינט האט געהאָלפען דאס בייזע שליחות;
און פערל געלאַכט און געוויינט האט צוזאַמען...

— — — — — — — — — —

עס האָבען זיך אַלע געשטיקט אין די פלאַמען.



## XXIII.

— — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — —

## XXIV

צוגאַנגעָן איז ס'איַיז,
צושמאָלצען
דער ברודיגער שניי,
אין גריַנס ווערט די ערד אָנגעטון.
די זון
אַרום און אַרום מאַכט
אַ גאָלדענעם קריַיז,
אַ שטאָלצען
פעָרביי
דער וועלט ביז בייַנאַכט.

צ׳ריק זענען געקומען
די פֿויגעל צו פֿליהען
פֿון װאַרעמע לענדער, פֿון הייסע
און האָבען גענומען
זיך נעסטען אויפֿבויען.
עס ציהען
זיך װאָלקענדלעך װייסע
אין הימעל דעם בלויען
און װערען צושװימען.

אַװעק געהט דער װינטער,
דער פֿריהלינג דאַרף קומען
און מונטער
װערט ס׳דאָרף, ניי געבוירען,
די פֿענסטער, די טיר אויפֿגעפּראַלט,
עס שטראַלט
די זון אַזוי פֿריש אויף דער װעלט.
די פּויערען
בעגעג׳נען זיך װידער אין פֿעלד.

קוים האָט זיך דעֶר גאָרטעֶן,
דעֶר פריצישער פּרעֶכטיגעֶר פּאַרק
פון ווינטער בעֶפרייט,
פון שניי אָפּגעטרייסעֶלט, האָט דאָרטעֶן
געֶנומעֶן זיך שטאַרק
די אַרבייט,—
עֶס האָבעֶן
די געֶרטנעֶרס געֶגראָבעֶן
די בייטעֶן מיט בלומעֶן
פערזעֶצט און בעֶצירט אַלעֶ סטעֶזשקעֶס און וועֶגעֶן,
בעֶשניצט
די דאַר=אָפּגעֶטרוקעֶנטעֶ צווייגלעֶך:
אַראָב איז געֶוואָרעֶן גענומעֶן
די שטרויעֶנעֶ שטייגלעֶך,
וואָס האָבעֶן די מאַרמאָר=סטאַטועֶן בעֶשוצט
פון שנייעֶן, פון פראָסט און פון רעֶגעֶן.
נאָך מעֶר, ווי אין דרויסעֶן
געֶברעֶנט

די אַרבײַט אין שלאָס האָט אין גרויסען,
די פֿענסטער געעפֿענט, די שויבען
געפּוצט — און געמאָלען די ווענד.
און אויבען
סטאַש'ס צימער ווערט ווידער געראַוימט,
צוריק וועט ער קומען, גענוג זיך געזוימט;
אַ ווינטער אַ האַלבען אין וואַרשאַ אַנטלאָפֿען,
ווען ס'האָט זיך די שׂרפֿה בײַ מענדל'ען געטראָפֿען,
וואָס איז שוין פֿערגעסען.
די גרעפֿין זאַבלאָצקאַ, די מאַמע פֿון סטאַש'ן,
זי איז נישט געזעסען
און האָט זיך געפּוצט און געוואַשען,
געגרייט צום אויפֿנעהמען צווײַ זיהן פֿון איר שוועסטער.
וויעלקאַנאָץ, דער יום־טוֹב, דער גרעסטער —
דאָ וועלען זיי בלײַבען.
אין דרויסען שטעהט גרייט אַ קאַרעטע געשפּאַנט שוין
אין נאַשפּיץ פֿיער פֿערד ווי די לײַבען,
עס האַלטען די קוטשערס די לייצעס אין האַנד שוין
אַקעגען צופֿאָהרען.
— די טעג זענען גרעסער געוואָרען.

## XXV.

די זון שײַנט שוין הויך אויפֿן הימעל
עס בלאָזען די ווינטלעך פֿון פֿריהלינג
און סטאַש איז געקומען,
צוזאַמען מיט אים די — משפחה:
אַ גלח, אַ דאָקטאָר, צווי זיהן פֿון
זײַנס עפּעס אַ מומען.

דער מיטעלסטער, כּראַביע זאַבלאָצקי,
ער פֿרעהט זיך מיט זיי און האַלט עצות
ווי פּוילען צו רעטען.

לכּבוד די געסט זײַנע האָט ער
דעם שרײַבער פֿון הויף און דעם סאָלטעס
אויף יום=טוב פֿערבעטען.

די כּלאָפּעס, די פּאַראָבקעס אַלע,
געענדיגט האָט יעדער זײַן אַרבײַט
און שטיל איז געוואָרען;
ווער ס'איז צו משפּחה געגאַנגען,
און ווער צו די עלטערן זײַנע
אַהײם איז געפֿאָהרען.

אַ רוהיגע שטילקײט צולעגט זיך
און הילט=אײַן דאָס דאָרף אין מנוחה.
די גאָלדענע שטראַלען,
וואָס גיסען פֿון אויבען זיך, גלעטען,
ווי צערטליכע פֿינגער אַ מאַמען'ס
און פּאַלען און פּאַלען.

דאָך אײנער, דער אַלטער זאַבלאָצקי,

ער פיהלט גישט דעם פריהלינג'ס אָנקומען,
זיין הארץ קלאפּט פון אימה
ער זיצט אין זיין חדר פערבאָרגען
און ציטערט פאר דעם בין־השמשות,
ווען שאָטענס געהיימע...

פערפילען די וועגט פון זיין צימער,
ווען טויטע אין ווייסע טליתים
פאר אים, דוכט זיך, ליגען
זקנים, וואָס בלאָזען אויף שופרות,
הרוגים, וואָס זינגען כל־נדרי,
דעם הייליגען ניגון

. . . . . . . . . . .

ביינאכט, ווען עס לאָזט זיך דער מלאך
אראָב מיט די פליגעל די שווארצע,
דאן געזעהן די בילדער,
די טויטע געמאָלענע בילדער
ארויס פון די רעהמען און שעפּטשען,
און ער ווי א ווילדער — — —

פֿערשטעלט זיך דאָס פּנים און מורמעלט:
„— וואָס, ווילט איר געשטאָרבענע גײַסטער,
אַ הײליגע גײַסטער?...״
עס שוועבען די בילדער און ברומען:
— „נישטאָ מער פּאַר פֿוילען קײן שוצער,
קײן שוצער, קײן טרייסטער...״
. . . . . . . . . . . .



## XXVI

דער ערב יום־טוב איז געקומען,
דאס דארף בעפוצט און אויסגעקערט,
די הייזלעך ווייס געקאלכט, גערייניגט
און אויסגעשייט מיט זאמד די ערד.
עס זאמלען זיך צונויף די פוי׳רען,
דערצעהלען נייס זיך, וואס מען זאגט:
נישט גוט איז עפעס מיט די ושידקעס,
מען הרג׳עט ערגעץ זיי, מען שלאגט,
און עפעס איז די לופט די בלויע,
ווי מיט א סוד צונויפגעמישט,
מען רעדט פון גלח, סטאש׳עס פעטער,
וואס קיינער ווייסט ביז היינט נאך נישט.

נאָך וואָס, נאָך ווען ער איז געקומען
און וואָס ער טוט דאָ, נור מען ווייסט —
אין קאַשטשאָל וועט ער מאָרגען רעדען,
אין אַלטען קלויסטער „גרויסער = גייסט".
כאָטש ס'רעדט נאָך קיינער נישט, דאָך פיהלט מען,
אַז ס'איז נישט גלאַטיג, עפּעס קאָן
זיך מאכען: העק, לאָפּאַטעס, דרענגער
און שטעקענעס גרייט יעדער אָן...



## XXVII.

און דאַמאָלס איז געזעסן
דער אַלטער
זאַבלאָצקי איינגעבויגן
ביי זיך אין חדר.
ווי שטענדיג האַלט ער
פֿערגלייווערט זיינע אויגן
און קוקט בסדר,
אונענדליך אין די ווייטע רוימען.
— וואָס קאָנסטו ניטט פֿערגעסען ?

גלין-גלאָן! גלין-גלאָן! די גלאָקען
פֿון אַלטען קלויסטער קלינגען

און רופֿען צום פֿאַרנאַכטיגען געבעט.
אין צימער הערט דער זקן
די תּפֿילות זינגען.
די ליפּען זיינע שעפּטשען שטיל מיט דאָס געבעט.
„די זון פֿערגעהט, די זון פֿערגעהט,
„דאָס לעשען זיך די טרוימען,
„די האָפֿענונגען מיינע.
„זי גאָט, מיין גאָט,
„פֿערשפּרייט די פֿליגעל דיינע,
„בעשיץ מיין לאַנד פֿון שפּאָט.
„אָ גאָט, מיין גאָט!"

- - - - - - - - - - - - - -

ווען ר'איז פֿון קניהען אויפֿגעשטאַנען,
דערזעהן ער האָט פֿון ווייטען
אין זאַל אין צווייטען
א יידען.
זיין פּנים ווערט צופֿרידען
און איז אַרויס צו אים געגאַנגען,

ווי עפּעס זיך דערוויסן.

— „אַ משה מרדכי! פֿון וואַנען? —

האָט הויך דער פּריץ אָנגעפֿאַנגען

מיט אים צו שמועסן.

— — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — !״



## XXVIII.

... משה מרדכי דערציילט אויך:
מאַנען געלד בין איך געקומען, —
מ'האָט אַ גאַנצען ווינטער סחורה
אַלץ אויף באָרג ביי מיר גענומען,
איצטער דאַרף איך געלד אויף יום־טוב,
נישט קיין קלייניגקייט דער פסח,
אפשר וועט דער בּראַביע געבּען,
פאָטש די העלפט וואָס קומט — וואָס, רייס איך?
ר'האָט דערציילט, אויך פון דעם גרויסען
כלב, וואָס איז אים בעפאַלען:
„סטאַש האָט אָנגעריצט ... צוריסען
איז ער מיך געוועזן אַ בעלן“.

נור דער אַלטער כּראַביע מיכאל
הערט נישט, הערט נישט זיין דערצעהלען:
יעפּעס שוועבט פאַר זיינע אויגען
אַ געשטאַלט אין פלאַם אין העלען.
פּלוצלינג הויבט ער אויף די אויגען
מיט אַ יאָמער-שטים, געקרענקט
פרעגט ער משה'ן — צי די שרפה
ביי דעם קרעמער ער געדענקט.
— „צי כ'געדענק? אַ שענע שאלה!
איי דערמאָנט מיך נישט דערפון,
גלייך זיי שטעהן מיר פאַר די אויגען
פאָטער, מוטער, טאָכטער, זוהן".
— „דוכט זיך, ס'איז נאָך ווער געוועזען?"
— „יאָ, אַ קליין און פּיצעל קינד
איי אַ מיידעלע פון זעקס יאָר".
— „און וואו זענען זיי אצינד?"
— „ס'קינד—די ביינדלעך קוים געפונען,
ס'מיידעלע, — אַ נס אַ גרויס

ס'איז געבליבן לעבן און איז
טאַקע אויך בײַ מיר אין הויז".
— „לעבט נאָך ווער פֿון דער משפּחה ? — "
שרײַט דער אַלטער און עס שטראַלט
זײַן געזיכט אויף, און אַ קלאָרע
טרער פֿון אויג פֿון זײַנעם פֿאַלט.
— „יאָ דאָס מיידעלע, דאָס קלײנע
איז אפילו דאָ מיט מיר
מיטגעקומען — זאָגט ער — און זי
וואַרט אין דרויסן, בײַ דער טיר".
— „רוף אַרײַן איר", — זאָגט דער כראַביע
און עס ציטערט אויש זײַן שטים;
משה מרדכי דערשראָקן
פּרובט אָבווענדן דאָס פֿון אים.



# XIX

די זון איז פֿערגאַנגען. עס זעגען געפֿאַלען
אַריין דורכ'ן פֿענסטער די פּורפּורנע שטראַלען,
און פֿלאַמענד בעגאָסען דאָס פּנים דעם שטערן,
דעם קינד'ס קלוגע אויגען, די פֿייכטע פֿון טרערען,
וואָס האָבען פֿערוואונדערט געקוקט אויפֿ'ן אַלטען,
וואָס האָט איר בלייך הענטעל אין זיין האַלז געהאַלטען.
ער פֿרעגט זי מיט מיטלייד; — מיין קינד, צי געדענקסטו
דיין טאַטען, דיין מאַמען; צי בענקסטו, צי בענקסטו?
און רחל'ע ענטפֿערט אָהן שרעק, ווי דער גרעסטער:
„מיך חלומ'ט דער טאַטע, די מאַמע, די שוועסטער;
„מיך חלומ'ט מיין ברודער: ר'איז שוואַרץ און ער שרעקט מיך“
„... ביינאַכט דוכט זיך מיר, אַז דאָס קליינע קינד וועקט זיך.
עס שטרעקט אויס די הענטלעך, איך וויל עס אויפֿהויבען—
„צופֿאַלען די ביינדלעך, נישט מער אויפֿצוקלויבען“.
אין שטוב ווערט אַלץ טונקלער, די שאָטענס פֿערשטעלען

דאָס פּנים דעם זקנ׳ס — ער הערט איר דערצעהלען:
„... בּײַנאַכט בּין איך אײנמאָל געוואָרען דערשראָקען,
„מיר האָט זיך געדאַכטען,
„אַז איך האָבּ געפלאַכטען
„מײַן שוועסטערשי׳ס לאָקען".
„... און זי האָט דערצעהלט מיר, וואָס זי האָט געלעזען
„אַזאַ שענע מעשה.
„נאָר כ׳בּין אויפגעשטאַנען, איז דאָס גאָר געוועזען
„דאָס קעצעל, דאָס ווײַסע".
„... כ׳בּין צ׳ריק אײַנגעשלאָפען, דאַן זענען געקומען
„דער טאַטע מיט בּער׳לן און נאָך אַ סאַך מענשען
„און האָבּען גענומען
„אַרויס אַלע תּורות,
„געדאַווענט, אַזוי ווי ראש=חודש צו בּענשען".
„... געהערט האָבּ איך שרײַען:
מען זאָל דאָס געדענקען
„בּיז אײבּיגע דורות,
„און האָבּען געבּעטען: גאָט זאָל דאָס נישט שענקען..."
—„...געניג שוין—שרײַט מיכאַל—איך קאָן מער נישט הערען..."

# XXX

טונקלער איז דערווייל געוואָרען
און דער פּריץ איינגעבויגען
איז געזעסען, ווי פערדרימעלט,
ס'האָט קיין אבר זיינס בעוואויגען.
משה מרדכי דערשראָקען
איז געשטאַנען בלאַס צוטומעלט
גלין = גלאָן ! האָבען ווי מיט צאָרן
הויך צוקלינגען זיך די גלאָקען
מיט אַ ווילדען רוישען.
אָנגעכאַפּט די האַנד ביי משה'ן
האָט דער אַלטער בלייך, מיט טרויער
און זיך אומגעקוקט פון אַלע זייטען

צי עס הערט נישט קיינער, ביים איינרוימען
משה מרדכי'ן אַ סוד אין אויער.

„... קאָנסטו אפשר איינעם שלמה'ן
„וואָס אין די פּאָוסטאַניע=צייטען
„האָט ער מיר בעשיצט דאָס לעבען
„ער האָט מיך אַ קראַנקען,
„אַ דערשטאָכענעם פון שפּיזען
„אויסגעהיילט און אויסבעהאַלטען
„פאַר דעם רוסישען חיילות
„נישט געוואָלט אפילו נעהמען
מיינס קיין גראָשען, מיינס קיין דאַנקען...״

און אין אַלטען מיכאַל'ס ברעמען
האָבען טרערען זיך בעוויזען.

„... כ'זאָל עס האָבען אין זכרון,
„איז געווען דעם יידס פערלאַנגען.
„אַלע מאָל עס, אַלע מאָל עס

„האָב איך דאָס געדענקט, נור מיינע יאָרען
„זענען שוין פֿערביי געגאַנגען.
„ווען זאָל איך איבערגעבען
„יענעם אַלטען
„סוד אַציגהדר?"

„... — משה, אפשר קאָנסטו זיינע קינדער?
„זוך זיי אויס און זאָג: פֿאַר זייערטוועגען
„האָב איך אָנגעגרייט אַ גרויס פֿערמעגען
„פֿאַר זייער טאַטענ'ס בריה'שקייט צו צאַנקען".

„... זעהסט די לעצטע שטראַלען דאַנקען
„ס'פֿאַלט די נאַכט צו, וואָס בעדאַרפֿסטו זוימען?
„אייל אַהיים און נעם עס דיר אין זינען
„באַכצופֿרעגען זיך אויף יענעם שלמה'ן,
„אויב דו וועסט אים נישט געפֿונען
„און אויך נישט די קינדער זיינע,
„זאָלסטו דאַן די ברידער דיינע

„אין דער שטאָט דערצעהלען,
„אַז איך וויל זיי שענקען
„אַ פערמעגען אויפצושטעלען
אַ בית־מדרש צום אַנדענקען“.
— „מיינע ברידער וועט דאָס איבער ראַש'ען“ —
האָט זיך משה מרדכי שטיל אָנגערופען —
נור אין הארץ אין טיפען
האָט זיך אָנגעצונדען
יענער פונק, וואָס ס'דולט, אַז ר'איז פערלאָשען.
אויסגעקרומט זיין פנים האָט זיך ווי פון וואונדען,
וואָס מען קאָן נישט פון זיי איבערהאַלטען;
זאָגען האָט זיך אים געוואָלט דעם אַלטען:
— העי! דו ווילסט מיט דיינע גראָשען
דיין פערפלעקטע האַנד פון בלוט אָבוואַשען?!
נאָר ער האָט דאָס נישט געזאָגט, כאָטש ווי מיט צוואַנגען
האָט געריסען זיך זיין צונג אין מויל —
אין זיין האַלז דערשטיקט געוואָרען איז דאָס קול.
ר'האָט טיף פערנויגט זיך און איז אַוועק געגאַנגען.

## IXXX

ס'איז ענדליך די נאכט צוגעפאלן.
אזוי ווי פארהילט אין א שלייער א שווארצן,
אזוי איז אין פינסטערניש אלץ איינגעטונקען.

אין שטומע מחשבות פארזונקען
געזעסן איז מיכאל, דער קאפ אויף זיין הארצן
אראב איז געהאנגען.
עס האבן פון דרויסן
געטראגן זיך איינציגע טענער, געזאנגען
פון וועלכן פאראבעק, וואס בלאנדזיעט אין גארטן
וואס האט נישט קיין היים וואו צו פארן
אויף יום־טוב דעם גרויסן.

און פון די בעלויכטענע זאלען
געגאָסען זיך, האָבען אזוי ווי פער'כשופ'טע טראָפּענס
אקאָרדען
פון א פיאַנינא
און זיס איז ארום אַלץ געוואָרען,
געשפּילט האָט זיין שניר, די כּראַבּינא
דעם טרויער=מארש שאָפּען'ס.
דאַן פול מיט געשטאַלטען
געוואָרען די שטוב איז פון אַלטען
עס האָבען חילות מיט בלאַנקענדע שפּיזען
פערביי אים געצויגען,
א שוואַרצע פּראָצעסיע פון טויטע
געגאַנגען מיט ליכט אין די הענד
און ווייט ערגעץ האָבען זיך פייערען רויטע
געברענט.
און פּלוצלונג האָט פּערל פאַר אים זיך בעוויזען,
דאָס יידישע מיידעל אין פלאַמען געצונדען—
ער האָט זי דערקענט.
ער האָט איינגעגראָבען זיין קאָפּ אין די הענד

און אַלץ איז צושוואומען, פאַרשוואונדען.

---

עס הערט זיך פון יענער זייט מיר נאָך דאָס שפּילען,
עס דוכט: דער קלאַוויר:
וויגט זיס איין די נאַכט אין א דרימעל...
און זינגט איר אַ ליד פאַר'ן שלאָפן
און פלוצלונג דערהערט האָט דער אַלטער א טומעל!
געשריי'ען און הויף — און די בייזע הונד'ס בילן...

און עמיץ געקלאַפּט האָט אין טיר,
און משה אריין איז געלאָפן
און ציטערנד געזאָגט
— „אָ, כראַביע, מען שלאָגט...
מיט שטעקענעס, וועה מיר, כ'האָב מורא...
דעם קינד'ס קאָפּ צושפּאָלטען...
כ'בין מוחל, איך וועל שוין נישט מאָנען
דאָס געלד פאַר מיין סחורה,
באַר גיט אונז אַנ'אָרט צו בעהאַלטען
בעגיינען אַ היים געהן ערשט קאָנען!...

## XXXII.

דער זייגער האָט צוועלף אויסגעשלאָגען.

אַראָב אין אַרויף איז דער אַלטער געגאַנגען
צוטראָגען
און שטעהן איז ער איז פּלוצלונג געבליבען
און דאַן האָט אַ פינקעל
געטון זיינע בליקען
און עפּעס אין האַרצען
געהיים האָט אַ קראַפּט אים געטריבען
און אַמלענד גענומען אַ שליער אַ דיקען,
אַ שוואַרצען
און ער האָט בעהאָנגען
מיצקעוויטש'ס סטאַטוע אין ווינקעל
געזאָגט שטיל דערביי:

„...גײן, גײן, דו בעדאַרפֿסט עס ניש ט זעהן און ניש ט װיסען
„די פּױלישע טהאַטען:
„דײן פֿאָלק האָט מיט דיר אַלע פֿעדעם צוריסען
„און האָט דיך פֿערראַטען —
„דײן גײסט לײַכט שױן ניש ט צװישען זײ".
און דאַן איז אַ װאונדער געשעהן
און ער האָט דערזעהן:
אזוי װי אין נעפּעל אין גריבעם
בעװעגט זיך די מאַרמאָר־סטאַטוע
פֿון אונטער דעם שלײער אַפֿער,
עס שעפּטשעט די מאַרמאָר־סטאַטוע:
„אָ, נעהם מיך פֿון קראָקעװער פֿאַרשטאָט אַראָב
„און נעהם אױף די האַנד פֿון מײן הארצען גראָב,
„עס איז אַזױ שװער, אָ, עס איז אַזױ שװער".

. . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . .

זײן קאָפּ אין די הענד האָט ער װידער פֿערבאָרגען.



## XXXIII.

מיט גאָלד בעשטראַלט געקומען איז דער יונגער מאָרגען—

גלין=גלאָן ! גלין=גלאָן !!
מען הערט דעם גרעסטען דזוואָן,
צוויי מאָל אין יאָר וואָס קלינגט.
און באַלד דערהערען זיך פון אַלע גלאָקען, קלאַנגען,
וואָס וועקען
די גאַנצע סביבה פון אַרום;
עס זענען פויערען פון אַלע עקען
בעגאַנגען
אין קאָשטשאָל פרום.

גלין־גלאָן!! גלין־גלאָן!!

און דאַמאָלט,
ווען אינגעוועניג זענען
געווען פֿערזאַמעלט
דאָס פּויערן־פֿאָלק אַ קניהענדס אויף דער ערד
און דריי גלחים
אין יום־טוב־מאַנטלען איינגעהילט.
עס זינגט
דאָס דאָרפֿיש כאָר, דער אָרגעל שפּילט
און גרויסע וואַקסענע ליכט ברענען
אין די געשניצטע הענד פֿון גיפּסענע מלאכים,
און אויבן־אָן,
ביים אַלטאַר האַרט
געשטאַנען איז דער אַלטער מיכאַל בלייך
און אויסגעהערט
מיט אַלע גלייך
די רייד פֿון גלח פֿון דער פֿרעמד.

און די זאַבלאָצקי'ס זענען נעבען אים געשטאַנען
מיט זײַנע געסט און אָבגעוואַרט ביז וואַנען
ס'וועט ענדיגען זיך דאָס געבעט.
און פלאַמענד האָט דער קסיאָנדז געגרעדט
געקלײדט אין ווײַסען מאַנטעל=העמד.
און פלוצלינג אונערוואַרט
האָט זיך דער אַלטער מיכאל אויפגעכאַפּט
און איז אַרויפגעלאָפען אויף די בימה
און אויפ'ן גרויסען פאַרמעט=ספר, אָנגעקלאַפּט,
אַז אַלע זאָלען הערען
און מיט אַ ציטערדיגער שטימע
צו רעדען אָנגעהויבען
געשטיקט מיט טרערען:

— „מײַן פאָלק, דו ביזט פערקנעכט, ווער וועט עס גלויבען?
„מײַן פאָלק דו ביזט געדריקט, ווער וועט עס וויסען?
„אַ פאָלק, וואָס איז געדריקט, אַ שוואַכער'ן זאָל דריקען?
„ווער וועט אין דײַנע אויגען וועלען קוקען?

„אַז ס'וועט דיר וועה-טון, ווער וועט הערען דײַנע שרײַען?
„און ווער וועט וועלען דען אַ האַנד דערלאַנגען
„דיך צו בעפֿרײַען?
„אַ, פֿאָלק מײַנס וועלכער וואָרם ליגט אין דיר פֿערהוילען?
„און וועלכע שלאַנגען
„פֿערלעגט זיך האָבען אויף די וועגען דײַנע, פּוילען?
„ווער האָט די קינדער דײַן אַזוי פֿער'סמ'ט?"

אַ שטיל בעוועגונג איז געוואָרען,
פֿון די גלחים'ס אויגען שפּריצען פֿונקען זיך פֿון צאָרן
און די זאַבלאָצקיס האָבען מיט די צײַנער
די ליפּען זײַ'רע טיף ביז בלוט געביסען.
אין קירכע נישט געווען איז אײַנער,
וואָס זײַנע אויגען האָבען נישט געפֿלאַמט
טײַל האָבען שוין די הענד געבײַלט,
נישט ווילענדיג די פֿויסטען אויסגעשטרעקט,
טײַל האָבען שטיל פֿון אַלטען נאַר געשפּעט.
און כּראַביע מיכאַל ווײַטער האָט גערעדט.

ער האָט זײַן נאַקעט האַרץ אַנטפּלעקט,
געוויזען
אַ וואונד, וואָס איז געווען פאַרהײלט:

„— איר זעהט, דאָ האָבען זיך צובראָכען
„די שפּיצען פון צוויי שאַרפע שפּיזען,
„איר זעהט מײַן האַנד?
„דרײַ מאָל איז זי געווען צושטאָכען
„און מיט מײַן בלוט נישט אײנמאָל פון מײַן פאָטערלאַנד
„די ערד האָב איך בעדעקט,
„נאָר איר, איר האָט דעם רוהם בעפלעקט
„דעם שטאָלץ — צוטרעטען...
„אָ, ווען די גרעסטע פוילען׳ס זיהן
„פון זײ׳ערע קברים זאָלען איצט אויפשטעהן
„דאָס זעהן —
„אַנטלאָפען וואָלטען זיי צ׳ריק אַהין
„און טיפער נאָך זיך אײַנגעגראָבען.
„זיי האָבען
„געוואָלט גאַנץ אַנדערש פוילען רעטען...“

## XXXIV

שוין אין דערזעלבער צייט אין דרויסען
ארום דעם קירכען=פלאץ דעם גרויסען
געשטאנען זענען דארפישע סקאוטען=יינגען
מיט ווייסע=אמאראנטע פענער
און מיט מוזיק.

גלין=גלאן! די גלאקען קלינגען
געענדיגט האט זיך דאס געבעט,
מען געהט
ארויס פון קאשטשאל, סקאוטען שפיעלען,
די אויגען פלאמען=אויף פון גליק,
עס פילען

דיִ לופֿט אָן קולות און געשרייִען:

— „Jeszcze Polska nie zginęła!”

עס קומען צו אלץ פֿרישע מענשען

און גרעסער ווערט די כוואַליע, גרעסער,

אַ ים פֿון קעפּ ביינאַנד,

אַ נייִעם צלם געהט דאָס פֿאָלק בענייִען

און דאָרטען אָבריִכטען אַ תּפֿילה.

פֿאַרויס געהט סטאַש, אַ קאָסע־מעסער,

אַלס צייכען האַלט ער אין דער האַנד.

און די גלחים בענשען

דאָס פֿאָלק אין זייער גרויס פֿערלאַנג

און זיין מיט ברכה זאָל דער גאַנג,

מיט היִלף פֿון גאָט אין היִמעל.

און די פּראָצעסיע הויבט־אָן ריִהרען.

נאָר פּלוצליִנג, וואָס איז עפּעס פֿאַר אַ טומעל

געוואָרען באַלד?

אַ לויפֿערייִ און אַ געוואַלד.

וואָס איז געשעהן?

מ'האָט אַ ייד געבראַנגט צו מהרען,
און ס'האָט דער ייד געפֿירט אַ קריסטליך קינד,
געמאַכט אַפֿילו שוין אַ וואונד
אַרויסצוצאַפּן ס'בלוט

דער ייד איז משה מרדכי געווען׳
אַרומגערינגעלט באַלד פֿון אַלע זייטען
איז שוין דער ייד געשטאַנען אין דערמיט
און שטעקענס ווערען שוין אין אים צובראָכען
„— העי, זשיד! צו וואָס האָסטו דאָס קינד געשטאָכען?"
ביים גאָט פֿון זיינע אבות האָט דער ייד געשוואוירען:
„זי איז אַ יידיש קינד — דאָ אין דעם דאָרף געבוירען,
מיר געהן אַהיים, מיר ווייסען נישט פֿון וואָס צו זאָגען"

אין פֿאָלק דערציילט מען שוין, ער האָט בעדאַרפֿען
אויף מצות בלוט... אַ סימן, פֿון איר קעפּעל רינט.
„...ביינאַכט האָט ווער אַ שטיין געוואָרפֿען" —
געשטאַמעלט משה האָט — „געטראָפֿען אין דעם קינד".
נאָר פֿון המון רופֿט עמיצער אויס: „שלאָגען!"

אַזוי געוואָרען דער המון איז — נור געהייסען
האָט סטאַש, דערווייל איהם זאָל מען בינדען
און אײַנזעצען אין תפיסה.
און צו אַ חבר שטיל געזאָגט: זעה ס'זאָל נישט לאַנג געדוירען
ווי לאַנג ער זיצט, אַ תירוץ איז פֿאַרהאַנען,
דערנאָך ?... דערנאָך, נו וועט מען דאַן בעדוירען
דעם טעות... נור ס'וועט זיין פֿאַרפֿאַלען.

עס האָט די זון געשיינט מיט מילדע שטראַלען,
און דער המון דערווייל איז נישט געשטאַנען,
פון זיירע קולות האָט די לופט געציטערט.

געשטאַנען איז דער אַלטער, ווי פֿאַרביטערט
און צוגעקוקט זיך צו די זיסע
צופֿרידענע געזיכטער
און ס'האָט אַ וואָלקען זיך פֿאַרצויגען אַלץ געדיכטער
אויף זיין געזיכט, ער איינער, איינער
האָט צוגעזעהן, ווי נידריג פֿוילען פֿאַלט.

„...איך בין גענוג שוין אַלט, איך בין גענוג שוין אַלט–
האָט ער געמורמעלט שטיל צו זיך אַליין —
עס האָט נישט קיינער
געזעהן, ווי ער געוואָרען איז פערשוואונדען...

* * *

געדיכטער אַלץ געוואָרען איז די לופט, געטראָגען
געשריי'ען האָבען זיך, און אויבען
געדרעהט זיך האָבען שטעקענעס און דרענגער,
איינס פונ'ם צווייטען דיקער, לענגער,
פויסטען האָבען זיך געהויבען,
געהערט זיך האָבען אָבגעהאַקטע קולות: „שלאָגען"!
טייל האָבען זיך געלאָזט אין שטאָט אריין.
נאָר פלוצלינג שאַ! געשרייען פרישע,
וואָס טראָגען זיך און ברענגען?
וואָס עפּעס לויפט מען אין דעם ראַביע'ס הויפען?

געקומען איז א פּאַראַביק צו לויפען

און אויפגערעגט איז ער געווען
און ר'האָט דערצעהלט: „אין סטאָדאָלע געזעהן
האָב איך דעם אַלטען כּראַביע מיכאַל העגגען!...

---

דער עולם לאָזט אַראָב די קעפּ מיט בושה
און בלייבען שטעהן פערגליווערט און דערשראָקען.

---

גלין=גלאָן! גלין=גלאָן!!
פון קאָשטשאָל=טהורם קלינגען הויך די גלאָקען...

— סוף —

